ווערא פיגנער

# מעמוארען

פון רוסישען איבערזעצט
פון
**מ. אָשעראָוויטש**

פאררעדע פון אב. קאהאן.

דריטער באנד



ארויסגעגעבען פון
**פארלאג „וועקער"**
175 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק
1925

# אינהאַלט

# פֿאָרערדע צום דריטען באַנד.

דעם 29טען סעפּטעמבער, 1924, איז געוואָרען צוואַנציג יאָהר זינט איך בין אַרויס פֿון שליסעלבורגער פעסטונג. און די קאַפּיטלען וואָס איך וועל דאָ איבערגעבען, נעמען אַרום בלויז די ערשטע פֿאַר יאָהר פֿון דעם נייעם לעבען, אין וועלכען איך בין אַריין נאָכדעם ווי איך בין פֿון טויט ווידער לעבעדיג געוואָרען. דאָס איז אַ פֿאָרטזעצונג פֿון מיינע מעמואַרען, וואָס זיינען פֿריהער ערשינען אין צוויי בענדער.

אין די ערשטע פֿאַר יאָהר נאָך שליסעלבורג האָב איך אַ סך איבערגעלעבט און זעהר אַ סך געטראַכט; און פֿון אַ פּסיכאָלאָגישען שטאַנדפּונקט זיינען זיי, לויט מיין מיינונג, די וויכטיגסטע אין די צוואַנציג יאָהר וואָס זיינען שוין אַוועק פֿון דאַמאָלסט אָן.

כמעט אַ פערטעל יאָהרהונדערט בין איך געווען אָפּגעריסען פֿון מענשען און פֿון דעם גאַנצען לעבען, און ווען מען האָט מיך אינ׳ם יאָהר 1904 ווידער אַריינגעוואָרפען אינ׳ם שטראָם פֿונ׳ם לעבען, בין איך געווען אַזוי צומישט, אַז איך האָב פּשוט ניט געוואוסט אויף וואָס פֿאַר אַ וועלט איך בין.

ווי אַזוי לעבט מען איצט? מיט וואָס לעבט מען? און צוליב וואָס לעבט מען?

אָט די פֿראַגען האָבען מיך ניט געלאָזט רוהען און איך האָב קיין איין מינוט ניט אויפֿגעהערט טראַכטען וועגען דעם.

די עטליכע און צוואַנציג יאָהר אין געפֿענגניס האָבען מיך געמאַכט שרעקליך נערוועז. איך האָב ניט געקענט אַריבערטראַגען די געזעלשאַפֿט פֿון מענשען, און דאָס איז נאָך ניט געווען דאָס ערגסטע.

אין געפֿענגניס האָב איך אַליין ניט געוואוסט און גאָר ניט געקענט באַגרייפֿען ווי שלעכט עס קען זיין אַ מענשען, וואָס ווערט יאָהרען לאַנג אָפּגעריסען פֿון דער וועלט.

ערשט ווען מען האָט מיך פֿון געפֿענגניס אַרויסגעלאָזט, האָב איך דאָס דערפֿיהלט.

וואָרים ווען איך בין געווען פאַרשפּאַרט אין פעסטונג און דאָס גאַנצע לעבען האָט פאַר מיר אויפגעהערט עקזיסטירען, האָט עס אָבער ניט אויפגעהערט עקזיסטירען אויף דער פרייהייט; דאָרט האָט זיך אַלעם באַוועגט, דאָרטען האָט זיך אַלעם געביטען. אמת טאַקע, עס איז נאָך אַלץ געווען אַ זעלבסט־הערשענדע רעגירונג, אָבער ניט קוקענדיג דאַרויף, איז רוסלאַנד געגאַנגען פאָרווערטס. זי האָט זיך ענטוויקעלט עקאָנאָמיש, קולטורעל און פּסיכאָלאָגיש.

אין דער זעלבער מדינה, וואָס איז פריהער געווען כמעט אינ־גאַנצען אַ פּויערשע, איז אויסגעוואַקסען אַן ארבייטער־קלאַס, אַ באַ־וואוסטזיניגער, אויפגעקלערטער אַרבייטער־קלאַס, וואָס האָט אין די יאָהרען פון 1904 און 1905 זיך פאַרמאָסטען אין כחות מיט'ן קאַפּיטאַליזם און ארויסגעשטעלט פּאָליטישע פאָדערונגען דער רע־גירונג.

פריהער, ווען די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי פון דער „נאַראָד־נאַיא וואָליא" איז אַרוים אין אַן אָפענעם קאַמף געגען דער רעגיע־רונג, האָט זי זיך זעהר ווייניג געקענט שטיצען אויף די ברייטע מאַסען. איצט אָבער איז גאָר אַנדערש, די רעוואָלוציאָנערע פּאַר־טייען האָבען מיט זיך אַ גאַנצע אַרמיי פון אָרגאַניזירטע אַרביי־טער, וועלכע זיינען אַריינגעצויגען געוואָרען אין פּאָליטישען קאַמף און אויך די פּויערים האָבען זיך אויפגעכאַפּט פונ'ם שלאָף.

און אין דער זעלבער צייט וואָס רוסלאַנד האָט באַקומען אַן אַנדער פּנים און עס זיינען אויסגעוואַקסען נייע פּאַרטייען און נייע פּראָגראַמען, בין איך, אין דעם איינזאַמען קאַמער פון דער פעסטונג, געווען אָפּגעריסען פון אַלעם, פאַרוואָרפען פון אַלעמען, פּונקט ווי אַ טויטער שטיין, וואָס ווערט אָוועקגעשלעפּט פונ'ם ברעג טייך.

עס איז געווען ניט מעהר ווי נאַטירליך, אַז איך זאָל פאַר זיך אין ערגעץ קיין אָרט ניט געפינען. צוויי און צוואַנציג יאָהר אָפּגע־ריסען פונ'ם לעבען, האָב איך זיך דערנאָך שוין מעהר ניט געקענט צופּאַסען צום לעבען.

ביי לעאָניד אַנדרעיעוו איז פאַראַן אַן ערצעהלונג „אַליעזר". אַנדרעיעוו מאָהלט אַליעזר'ן אַלס „אַ מענשען, וועלכער האָט גע־כאַפּט אַ קוק אין דער אייביגקייט". לעזענדיג די ערצעהלונג, איז מיר איינגעפאַלען, אַז איך בין אויך אַ מין „אַליעזר"; איך קוק אויף אַריבער'ן לעבען, אַריבער די זאַכען אין לעבען.

אָבער ער האָט געקוקט אין אַן אומבאַשטימטער ווייטקייט, און איך האָב געקוקט אין דער טיעפקייט.

ניט אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג גערען מענשען אַרוים פון אַ שליסעלבורגער פעסטונג, און ניט יעדער איינער פון די, וואָס גערען אַרוים, טהיילען זיך מיט אַנדערע דערמיט וואָס זיי האָבען דאָרטען איבערגעלעבט.

„ערשט איצט פאַרשטעה איך וואָס ס'לעבט איבער אַ מענש נאָכדעם ווי ער איז יאָהרען לאַנג געווען פאַרשפּאַרט אין געפענג־ניש". אַזוי האָט מיר געזאָגט אַ באַקאַנטער, נאָכדעם ווי ער האָט איבערגעלייענט דאָס וואָס איך האָב אָנגעשריבען.

און אויב אַנדערע וועלען דאָס אויך פאַרשטעהן, וועל איך אין דעם געפינען אַ באַפרידיגונג.

ו ע ר א פ י ג נ ע ר.

פּ. ס. אין דעם בוך נעם איך אַריין די בריעף, וואָס איך האָב געשריבען צו מיין פריינד ספּאַנדאָני. זיי זיינען געדרוקט ביים סוף פון'ם בוך. איך נעם זיי אַריין, ווייל זיי דריקען אוים שטריכען פון מיין שטימונג, וואָס איך האָב געהאַט אין יענער צייט — שטריכען, וואָס זיינען ניט אַריינגעפיהרט אין'ם טעקסט פון'ם בוך.

# ערשטער קאַפּיטעל.

## אין אַרכאַנגעלסק.

צוויי וואָכען נאָכדעם ווי איך בין אַרויס פון שליסעלבורגער פעסטונג, האָט מען מיך פאַרשיקט אין אַ ווייטען, קאַלטען געגענד. מען האָט מיך געזאָלט פאַרשיקען אין סיביר, אָבער איבער דער מלחמה מיט יאַפּאַן האָט מען דאָס ניט געקענט, איז געבליבען, אַז מען זאָל מיך פאַרשיקען אָדער קיין טאַשקענט, אָדער קיין אַרכאַנגעלסק. די ברירה אויסצוקלייבען צווישען אָט די צוויי געגענדען האָבען געהאַט מיינע קרובים, און אַזוי ווי זיי זיינען געווען זיכער, אַז די היץ אין טאַשקענט וועט מיר שאַדען, האָבען זיי געבעטען, אַז מען זאָל מיך בעסער פאַרשיקען קיין אַרכאַנגעלסק.

מען האָט מיר ערלויבט צו פאָהרען אויף מיינע אייגענע הוצאות, אָבער מיט אַ תנאי, אַז איך מוז מיטנעמען אַהין צוויי זשאַנדאַרען און אויך דעם פּאָלקאָווניק דובראָווין, וועלכער איז אַמאָל געווען אַן אויפזעהער אין שליסעלבורגער פעסטונג, און איך מוז זיי אויך אָפּשיקען צוריק אויף מיינע הוצאות.

מיין שוועסטער לידיאַ איז געפאָהרען מיט מיר ביז יאַראָסלאַוו, און דאָרטען האָט שוין אויף מיר געוואַרט מיין שוועסטער אָלגאַ. זיי האָבען מיך קיין איין מינוט ניט געוואָלט איבערלאָזען אַליין, ווייל זיי האָבען געוואוסט, אַז איך בין זעהר אומבאַהאָלפען.

ווען מען האָט מיר פון פעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג געפיהרט צום ניקאָלאַיעווסקער וואָקזאַל, איז דאָס פאָרהענגעל אין דער קאַרעטע געווען אַביסעל אויפגעהויבען און איך האָב מיט גרויס נייגעריגקייט געקוקט אויף דער גאַס, האָט זיך מיר אַלץ אויסגעדוכט, אַז אַלע פאַרבייגעהער זיינען אָנגעטאָן אין גרויע אַרעסטאַנטסקע מאַנטלען, פונקט אַזעלכע ווי איך האָב געזעהן די גאַנצע צייט וואָס איך בין געווען פאַרשפּאַרט אין שליסעלבורגער

פעסטונג. איך האב געוואוסט, אז דאס קען ניט זיין ; אז ציווילע מענשען טראגען ציווילע קליידער, ווער שווארצע, ווער ברוינע און אנדערע קאלירען. אבער די אויגען זיינען צוויי און צוואנציג יאהר צוגעוועהנט געווארען צו זעהן גרויע ארעסטאנטסקע מאנטלען און זיי האבען שוין קיין אנדער קאליר ניט געקענט זעהן.

זיי האבען אויך ניט געקענט זעהן קלאהר קיין פנים'ער, און ווען איך האב געקוקט אויף די מענשען, וואס זיינען געגאנגען אין



ווערא פיגנער, איידער מען האט זי פארשפארט אין שליסעלבורגער פעסטונג

גאס, האט זיך מיר אויסגעוויזען, אז די פנים'ער זיינען ביי זיי פון געלע פלעקען, פונקט אזעלכע געלע פלעקען ווי מיר האבען גע־טראגען אויף די גרויע מאנטלען. און איך געדענק נאך, אז ווען איך ביז צוגעקומען צום וואקזאל און האב דערזעהן מענשען פון דער נאהענט, האט זיך מיר אויסגעוויזען, אז זיי האבען ניט קיין פנים'ער נאר געלע פלעקען. דאס זעלבע איז אויך געווען אין דער ארכאנגעלסקער טורמע, וואוהין מען האט מיך דערנאך געבראכט ; אלע מאל, ווען מען האט מיך געפיהרט שפאצירען און איך האב

פון דערוואַרטעטע דערזעהן אַן ארעסטאַנט, אַ קרימינעלען פאַרברע־כער גאַר, אַנגעטהאַן אין אַ גרויען מאַנטעל, האַט זיך מיר אויסגע־וויזען, אַז דאַס איז איינער פון מיינע חברים, וועלכע זיינען גע־בליבען אין דער שליסעלבורגער פעסטונג.

דעם 17טען אָקטאָבער זיינען מיר אָנגעקומען אין אַרכאַנ־געלסק. דאַס איז געווען אין אַ זונטאַג. די זון האַט געשיינט העל און ליכטיג, און דאַן איז מיר איינגעפאַלען דער געדאַנק, אַז דאַס איז אפשר אַ סימן, אַז דאַס נייע לעבען, וואָס הויבט זיך איצטער אָן ביי מיר, וועט אודאי אויך זיין העל און ליכטיג.

ארויסגעפאַהרען פון'ם וואַקזאַל, האָבען מיר זיך אָוועקגעזעצט אויף דער שיף „מאַסקווא“ און זיך געלאָזט שווימען איבער דער צפונ'דיגער דווינאַ, וואָס איז אַזוי ברייט און שעהן, אַז עס איז פשוט אַ פאַרגעניגען צו קוקען אויף איהר. ניט ווייט פון'ם ברעג האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען אַ קלויסטער מיט אַ בלויען שפּיציגען דאַך, באַפּוצט מיט גילדערנע שטראַהלען, און די שטאָדט, צו וועלכער מיר זיינען צוגעפאָהרען, איז גראָד געווען אויסגעפּוצט מיט פאָהנען, און איך האָב געקענט מיינען, אַז דאַס נעמט מען מיך אויף מיט אַזאַ פּאַראַד.

ווען מיר זיינען צוגעפאַהרען צום גובערנאַטאָר'ס קאַנצעלאַריע (אָפּיס), זיינען די טהירען נאָך געווען פאַרמאַכט און די וועכטער זיינען געשטאַנען פאַרשלאָפענע און געריבען די אויגען.

דער גובערנאַטאָר ווי אויך דער פאַרוואַלטער פון דער קאַנ־צעלאַריע און די אַנדערע אָנגעשטעלטע זיינען נאָך געשלאָפען, און אונז האָט מען אריינגעפיהרט אין אַ גרויס צימער, וואו אַן אַלטער זייגער האָט געסקריפּעט און אויף די טישען זיינען געווען אָנגע־וואָרפען אַ סך פּאַפּירען און טינטערס.

נאָך עלף איז געקומען דער פאַרוואַלטער פון דער קאַנצעלאַ־ריע. דאַן האָט דער פּאַלקאָווניק דובראַווין איהם דערלאַנגט די פּאַ־פּירען פון'ם פּאָליציי־דעפּאַרטמענט, און ווען ער האָט זיך פאַר־טיעפט אין זיי, איז דער אויסדרוק פון זיין פּנים וואָס אַמאָל גע־וואָרען אַלץ ערנסטער און ערנסטער.

— איך מוז אייך שוין אַוועקשיקען אין טורמע, — האָט ער אָנגעהויבען, וועגדענדיג זיך צו מיר. — און חוץ דעם געפין איך פאַר נויטיג אייך צו זאָגען, אַז לויט דעם באַפעהל פון'ם פּאָליציי־דעפּאַרטמענט וועט מען אייך דערנאָך אַוועקשיקען אין אַ ווייטען,

פארוואָרפענעם געגענד אין ארכאַנגעלסקער גובערניע. דאָרטען טאָרט איהר זיך ניט חבר'ען אפילו מיט קיין איינעם פון די פּאָ־ ליטישע פּארשיקטע. צוויי באוואפּענטע וועכטער וועלען אייך אהין באַגלייטען און דאָרטען וועלען זיי אייך שטענדיג האַלטען אויפ'ן אויג.

דערהערט אַזעלכע ווערטער, בין איך געבליבען שטעהן ווי א צומישטע. איך האָב געמיינט, אַז ווען איך וועל קומען קיין אר־ כאַנגעלסק, וועל איך זיין מעהר אָדער ווייניגער פריי; צוזאַמען מיט מיין שוועסטער וועל איך זיך באַזעצען ערגעץ אין אַ שטעדטעל, אָדער אין אַ דערפעל, און דאָרטען וועל איך מיר לעבען רוהיג. פאר'ן אוועקפאָהרען האָט מען אין פּאָליציי־דעפּאַרטמענט זעהר פיין און עדעל אויפגענומען מיין ברודער פּיאָטר און איינער פון די הויכע באַאַמטע האָט איהם אליין געזאָגט: „אייער שוועסטער האָט זיך שוין גענוג אָנגעליטען, און איצט וועט זי שוין לעבען אנדערש. זייט רוהיג. עס וועט איהר זיין גוט".

פול מיט האָפענונגען אויף אַ ניי לעבען, בין איך אוועק קיין אַרכאַנגעלסק. און אַט האָסטו דיר גאָר אַ נייעס! אַט דאָס הייסט ביי זיי אַנדערש?! מ'פאַרשפּאַרט מיך ווידער אין אַ טורמע און מען נעמט ביי מיר צו מיין שוועסטער, וועלכע האָט מיך באַגלייט אהער און געהאָפט, אַז פון איצט אָן און ווייטער וועט זי שוין שטענדיג זיין מיט מיר צוזאַמען; מיר וועלען זיך ביידע באַזעצען אין אַ קליינער אכסניא און אויסהאַלטען די וואָך אויף אונזערע אייגענע הוצאות.

אנשטאָט זיך באַזעצען ערגיץ ניט ווייט, אין אַ שטעדטעל, אָדער אין אַ דערפעל, שטעהט מיר גאָר פאָר זיך צו באַזעצען אין אַ פאַרוואָרפען ווינקעל, צוויי טויזענד מיט פיער הונדערט ווערסט ווייט פון אַ שטאָדט און דאָרטען טאָר איך זיך ניט חבר'ען מיט קיינעם פון די פּאָליטישע פאַרשיקטע; דאָרטען וועל איך שטענדיג מוזען זיין אליין, אָפּגעריסען פון דער גאַנצער וועלט, ווייל מיינע שוועסטער און ברידער, וועלכע האָבען אלע אייגענע פאַמיליעס, וועלען גאָר קיינמאָל ניט קענען קומען צו מיר.

די פאַרוואָרפענע געגענדען אין ארכאַנגעלסקער גובערניע באַ־ שטעהען פון שרעקליכע זומפּען. זומער קען מען אינגאַנצען אהין ניט צוקומען. ערשט ווינטער, ווען די זומפּען ווערען פאַרפרוירען, קען מען פאָהרען אהין. און אין אַזאַ געגענד שיקט מען מיך אוועק!

עס איז ניט שווער זיך פאַרצושטעלען וואָס פאַר אַ לעבען דאָס איז. אין אַ ווייטען, פאַרוואָרפענעם געגענד, אָפּגעריסען פון דער גאַנצער וועלט, און שטענדיג אין דער געזעלשאַפט פון צוויי זשאַנ־דאַרען, וועלכע געהען דיר נאָך פוס־טריט און לאָזען דיך פון אויגען ניט אָפּ.

אַזאַ שטראָף האָט מען געגעבען דעם רעוואָלוציאָנער טשער־נישעווסקי, און אַזאַ שטראָף האָט מען באַשטימט פאַר מיר נאָכדעם ווי איך בין צוויי און צוואַנציג יאָהר געווען פאַרשפּאַרט אין אַ לע־בעדיגען קבר.

מיין שוועסטער אָלגאַ, וועלכע איז שטענדיג געווען זעהר אַ לעבעדיגע און זעהר אַ מוטיגע, האָט זיך גענומען איינשטעלען פאַר מיר. זי האָט אַלץ געָטענה'ט, אַז מען דאַרף מיך ניט פאַרשיקען אַזוי ווייט, און דער פאַרוואַלטער פון דער קאַנצעלאַריע האָט איהר דאַרויף געענטפערט, אַז ס'קען זיין, אַז זי איז טאַקי גערעכט, אָבער ער קען זיך גאָר ניט העלפען; ער איז ניט מעהר ווי אַ באַאַמטער און מוז דורכפיהרען דעם באַפעהל פון פעטערבורג.

איך האָב געשוויגען, כאָטש דאָס איז מיר אָנגעקומען זעהר שווער, ווייל איך האָב זיך זעהר שטאַרק געערגערט. דערנאָך האָב איך פאַרלאָרען די געדולד; איך האָב מעהר ניט געקענט הערען די טענות, איך האָב פאַרשטאַנען, אַז עס וועט סאַי ווי סאַי גאָר ניט העלפען, און איך האָב געזאָגט:

— צו וואָס די טענות? פיהרט מיך וואוהין איהר ווילט.

דערנאָך האָב איך אַרומגענומען מיין גוטע שוועסטער, און באַלד איז אַריינגעקומען אַ פּאָליציייסקע און האָט מיך אָוועקגעפיהרט אין טורמע.

ווידער אַ טורמע, ווידער גרויע ווענט, אַן אויפזעהער, אַ נאַד־זיראַטעלניצאַ, באַוואַפענטע וועכטער; ווידער אָפּגעריסען פון דער גאַנצער וועלט און אָפּגעזונדערט ניט נאָר פון די פּאָליטישע אַרעס־טאַנטען נאָר אויך פון די קרימינעלע. און שטיל... ווידער שטיל!

יעדען אָווענט איז צו מיר געקומען מיין שוועסטער און מיר האָבען גערעדט אַ צוויי שטונדען. רײדען פריי האָבען מיר אָבער ניט געקענט, ווייל דער אויפזעהער פון דער טורמע איז געזעסען דערביי, כאָטש דער גובערנאַטאָר באַנטינג האָט געזאָגט, אַז קיינער וועט ניט זיין דערביי ווען מיין שוועסטער וועט מיך קומען באַ־זוכען.

ווען מען האט מיך פארשפארט אין שליסעלבורגער פעסטונג, איז מיין שוועסטער אלגא אלט געווען א יאהר 21. אין יענער צייט האט זי געקוקט אויף מיר ווי אויף איהרער א וועג־ווייזעריז, און אפשר טאקי ווי אויף אן אידעאל. מיין ביטערער שיקזאל האט נאך שטארקער געמאכט איהר איבערגעבענקייט צו מיר; און אזוי זיינען אוועק יאהרען און יאהרען, זי איז מיר אלץ געבליבען גע־טריי און איבערגעגעבען, און ווען מען האט מיך ארויסגעלאזט פון דער שליסעלבורגער פעסטונג, האט זי זיך זעהר שטארק געפרעהט, כאטש ביי מיר אין הארצען איז אפילו קיין סימן פון פרייד ניט געווען. ניט איינמאל האט זי מיר געזאגט, אז יעדען פריהמארגען, אזוי שנעל ווי זי האט נאר די אויגען געעפענט, איז דער ערשטער געדאנק איהרער געווען: „זי איז פריי! זי איז פריי!" און דאס איז געווען דאן ווען איך אליין האב נאך אפילו ניט אנגעהויבען צו פיהלען, אז איך בין ווירקליך פריי.

ווי אן אמת געטרייע און איבערגעגעבענע מאמע האט זי זיך איצט געהאלטען אין איין זארגען וועגען מיר, ווי ווייט זי האט נאר געקענט האט זי מיר געמאכט גרינגער דאס לעבען, און איך האב זיך אזוי שטארק גענויטיגט אין דעם! ווייל ווען מען האט מיך אפגעריסען פון מיינע שליסעלבורגער חברים, בין איך געבליבען עפעס ווי ניט אהין און ניט אהער; איך האב פארלארען דעם באָ־דען פון אונטער די פיס; די אלטע חברים האט מען ביי מיר צו־גענומען און קיין נייע האב איך ניט געהאט.

א דאנק איהרע וויזיטען ביי מיר אין טורמע, האב איך ניט פארלארען אינגאנצען דעם מוטה און געהאט כוח אריבערצוטראָ־גען די שרעק און די איינזאמקייט, וואס איז איצט פאר מיר געווען נאך שרעקליכער ווי אין דער שליסעלבורגער פעסטונג. זי, מיין גוטע, געטרייע שוועסטער אלגא, האט מיך אין יענער צייט פשוט ביים לעבען דערהאלטען; זי האט זיך צוליעב מיר געהאלטען אין איין קריגען מיט'ן גובערנאטאר, מיט דעם פאליציי־דעפארטמענט און זי איז געווען גרייט זיך צו קריגען מיט דער גאנצער וועלט, אבי מיר מאכען דאס לעבען גרינגער און זעהן, אז מען זאל אפשא־פען די נייע פארפאלגונגען, די נייע אפקומענישען, וואס מען האט פאר מיר צוגעגרייט.

בטבע איז זי געווען א גרויסע עקשנ'טע און ווען זי האט זיך אויף עפעס פארלעגט, האט זי עס געמוזט דורכפיהרען, אי זי אלע

מאָל געלאָפען צום גובערנאַטאָר באַנטינג און אַלץ גערעדט מיט איהם וועגען מיר, מיט גוטען און מיט בייזען; דער גובערנאַטאָר האָט איהר אַלץ באַוויזען, אַז עס איז פאַר מיר אַ סך בעסער אָפּ־צוזיצען אַן איבעריגען חודש אין טורמע איידער מען שיקט מיך אַוועק ווייטער, און זי האָט גע׳טענה׳ט, אַז עס איז ניט בעסער, אַז איך טאָר מעהר אין טורמע ניט זיצען. אויף יעדער וואָרט, וואָס ער האָט איהר געזאָגט, האָט זי איהם געענטפערט צעהן אַנדערע און אַלץ אויסגעבריעט, אַז ער איז ניט גערעכט. עס איז דער־גאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט זיך אָנגעהויבען באַהאַלטען פאַר איהר, ווייל זי איז איהם אַזוי דערגאַנגען די יאָהרען, אַז ער האָט פון איהר פּשוט ניט געקענט אויסהאַלטען.

זי האָט אָבער ניט גערוהט. ווען זי האָט דערזעהן, אַז מיט׳ן גובערנאַטאָר קען זי גאָר ניט מאַכען, האָט זי אָנגעהויבען קלאַפּען טעלעגראַמעם קיין פּעטערבורג — צו מיין ברודער פּיאָטר, צו מיין ברודער ניקאָלאַי און אויך צום פּאָליציי־דעפּאַרטמענט. אין די טעלעגראַמעם צום פּאָליציי־דעפּאַרטמענט האָט זי געהאַלטען אין איין אונטערשטרייכען, אַז איך בין איצטער זעהר שוואַך, אַז די נערוועז זיינען ביי מיר שרעקליך צושרויפט, אַז עס איז דער גרעסטער פאַרברעכען צו נעמען אַ מענשען, וואָס איז צוויי און צוואַנציג יאָהר אָפּגעזעסען אין געפענגניש און איהם פאַרשיקען אין אַ פאַרוואָרפענעם געגענד אויף די צפון׳דיגע בלאָטעס אין ארכאַנגעלסקער גובערניע; זי האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל מיר געבען די ערלויבעניש כאָטש צייטווייליג זיך צו באַזעצען ערגעץ ניט ווייט פון שטאָדט. זי האָט אַלץ געהאָפט, אַז אויב מען וועט מיר יאָ געבען ערלויבניש, וועט מען מיך שפּעטער אויך ניט פאַר־שיקען צו ווייט און זי וועט האָבען די מעגליכקייט צו זיין לעבען מיר און אכטונג געבען אויף מיר.

מיט איהר גוט האַרץ האָט זי געפיהלט וואָס איך לעב איבער. ווען זי איז דאָס ערשטע מאָל געקומען צו מיר אין דער אַרכאַנ־געלסקער טורמע, האָט זי מיר וואַרים אַ קוק געטאָן אין די אויגען אריין, און כאָטש איך האָב איהר גאָר ניט געזאָגט, האָט זי דאָך פאַרשטאַנען ווי שווער עס איז מיר אויפ׳ן האַרצען פון דעם וואָס איך בין ווידער פאַרשפּאַרט אין געפענגניש. עס איז איהר שווער געווען צו ריידען מיט מיר ווען זי האָט דערזעהן ווי אַ באַוואָפענטער וועכטער שטעהט און נעמט פון מיר די אויגען ניט אַראָפּ.

„די צונג ווערט צוגעקלעפּט צום גומען, — האָב איך דאַן וועגען דעם געשריבען אין אַ בריעף צו מיין ברודער פּיאָטר. — איך וויל ריידען מיט אַלגאַ'ן און געפין ניט קיין ווערטער. און אין אַלגעמיין וויל איך דיר זאָגען, מיין ברודער, אַז זינט מען האָט מיך פאַרשפּאַרט דאָ, אין דער נייער טורמע, דוכט זיך מיר אויס, אַז איהר אַלע מיינע שוועסטער און ברידער ווערט ווידער אָפּגעריסען פון מיר, איהר שווימט אַוועק וויים־וויים אויף אַ שיף און מיך לאָזט איהר איבער ביים ברעג... בלויז אויף איין אויגענבליק האָבען זיך אונזערע וועגען באַגעגענט און האָבען זיך באַלד צושיידעט; איך בין ווידער אַוועק אין אַ זייט... און מיר דוכט זיך, אַז פּונקט ווי פריהער האָט זיך צווישען אונז אַוועקגעשטעלט אַ קאַלטע שטיינערנע וואַנט, וואָס לאָזט אונז ניט צו איינע צו די אַנדערע".

פאַר מיר איז געווען קלאָהר, אַז דער פּאָליציי־דעפּאַרטמענט וועט ניט ענדערען דעם באַשלוס; ער וועט זיך ניט רעכענען דערמיט וואָס איך בין ניט געזונד און די נערוועז זיינען ביי מיר שרעקליך צושרויפט; מען וועט טאָן מיט מיר וואָס מען וועט וועלען, און מיין לעבען איז שוין אינגאַנצען אויסגעשפּיעלט; איך האָב געפיהלט, אַז איך האָב שוין מעהר ניט קיין כוחות אריבערצוטראָגען דאָס אַלעס וואָס ס'שטעהט מיר פאָר, און איך בין געווען זיכער, אַז אויב מען וועט מיך פאַרשיקען אַזוי וויים און איך וועל ווידער זיין אָפּגעריסען פון דער גאַנצער וועלט, וועל איך זיכער דאָרטען שטאַרבען און קיינער פון מיינע אייגענע וועט דאָס אפילו ניט וויסען.

דאַן האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז די „באַפרייאונג" פון שליסעלבורגער פעסטונג איז געווען ניט מעהר ווי אַ נייער מיטעל צו טרייבען מיך אין קבר אריין און פּטור ווערען פון מיר.

און אין די בריעף צו מיינע אייגענע, ווי אויך אין די געשפּרעכען מיט מיין שוועסטער אָלגאַ, האָב איך נאָך געמוזט מאַכען דעם אָנשטעל, אַז עס איז ניט אַזוי געפעהרליך ווי מען מיינט; אַז איך פיהל זיך גוט און אַז איך קען אריבערטראָגען אַלעס וואָס ס'שטעהט מיר פאָר, פּונקט אַזוי ווי איך האָב אַלעס אריבערגעטראָגען ביז איצט.

אין אַזאַ שטימונג האָט מען מיך איינמאָל אַוועקגעפיהרט אין קאַנצעלאַריע. דאָרטען האָב איך געטראָפען דעם גובערנאַטאָר און נאָך דריי מאַנסבילען. וואָס זיי ווילען פון מיר האָב איך ניט גע־

וואוסט; עס איז מיר גאר ניט איינגעפאלען, אז דאס איז א קאנ־סוליום פון דאקטוירים מיך צו אונטערזוכען.

א צוטראגענע, אן אויפגערעגטע און א בייזע, האב איך זיך אוועקגעזעצט אויף א בענקעל און ווען איינער פון די דריי דאק־טוירים האט מיר גענומען שטעלען פראגען וועגען מיינע נערוועז, האב איך איהם געענטפערט אזוי, אז ער האט קיין טאלק ניט גע־קענט דערגעהן וואס איך זאג. איך האב דאס ניט געטאן אומיס־טען, נאר איך האב פשוט אנדערש ניט געקענט, ווייל עס איז מיר שווער געווען אריבערצוטראגען די גזעלשאפט פון מענשען.

— איהר וועט מיר ערלויבען צו מאכען א פראבע ווי עס האלט מיט אייערע נערוועז — האט דער דאקטאר געזאגט, און דערביי האט ער מיר מיט דער האנט א קלאפ געטאן איבער די קני.

און דא איז געשעהן אזוינס, אויף וואס איך האב זיך גאר ניט געריכט. דערפיהלט דעם קלאפ איבער די קני, האב איך גע־טאן א שפרונג, אנגעהויבען קווימשען און זיך אזוי צואווייגט, אז ס'איז אוממעגליך געווען מיך איינצונעהמען.

די פראבע האט, אלזא, באוויזען, אז די נערוועז זיינען ביי מיר שרעקליך צורודערט און אנגעצויגען. אבער מיר איז געווען א בזיון און א פארדרוס, פארוואס מיין שוועסטער האט צו מיר גע־בראכט דאקטוירים, זיי זאלען מיך אונטערזוכען, כדי מען זאל מיך ניט פארשיקען אזוי ווייט. עס האט איהר שוין דערנאך אויך באנג געטאן. זי האט זיך ניט געקענט פארשטעלען, אז דאס וועט מיך אזוי שטארק אויפרעגען.

פונדעסטוועגען איז דאס פאר מיר דאך געווען א שטיקעל טובה. דער פאליציי־דעפארטמענט פון פעטערבורג האט צוגע־שיקט א טעלעגראמע צום גובערנאטאר, אז מען זאל מיך דערווייל פארשיקען ניט אזוי ווייט, נאר אין א נאהענטען דערפעל אין אר־כאנגעלסקער גובערניע, אבער מען זאל גוט אכטונג געבען, אז איך זאל זיך ניט חבר'ן מיט קיינעם פון די ארומיגע פארשיקטע, און צוויי באוואפענטע וועכטער זאלען זיך שטענדיג געפינען לעבען מיר.

דער גובערנאטאר האט געגעבען מיין שוועסטער די ברירה אויסצוקלייבען דעם פלאץ, וואו איך זאל זיך באזעצען און זי האט אויסגעקליבען א גרויס דארף, זיבעציג ווערסט פון ארכאנגעלסק. ניאנאקסא האט דאס דארף געהייסען. דארטען האט מען געקענט

קריגען א וואוינונג און עסענוואַרג. דער גובערנאַטאָר האָט אויך איינגעשטימט, אַז איך זאָל זיך דאָרטען באַזעצען, אָבער דערווייל זאָל איך זיצען אין טורמע, ווייל די זומפּען זיינען נאָך ניט פאַר־פראָרען און מען קען אַהין ניט צוקומען.

אין דעם זעלבען דאָרף, וואוהין מען האָט מיך געדאַרפט פאַר־שיקען, איז געווען אַן אַקושעריין, וועלכע איז נאָך מיט א צייט פריִ־הער אַהין פאַרשיקט געוואָרען, האָט מען באַשלאָסען זי איבערצו־פיהרען קיין ארכאַנגעלסק, כדי איך זאָל זיך מיט איהר ניט קענען טרעפען. זי האָט ניט געוואָלט; אָבער די פּאָליציי האָט זי גע־סטראַשעט מיט גוואַלד־מיטלען, און זי האָט געמוזט פּאָלגען.

דערביי איז אינטערעסאַנט צו באַמערקען, אַז אין דערזעלבער צייט וואָס דער פּאָליציי־דעפּאַרטמענט האָט אָנגענומען אַלערליי מיטלען מיך צו האַלטען אינגאַנצען אָפּגעזונדערט פון דער גאַנצער וועלט און זאָגאַר געפונען פאַר נויטיג ארויסצושיקען פון ניאָנאַקסאַ די אַקושעריין, מיט וועמען איך וואָלט אפשר פון צייט צו צייט געקענט ריידען א פּאָר ווערטער — אין דערזעלבער צייט האָט די ארכאַנגעלסקער פּאָליציי גאָר אינגאַנצען פאַרגעסען, אַז דאָס דאָרף, וואוהין מען פאַרשיקט מיך איז א צענטער, וואו מען פיהרט דורך מיט׳ן עטאַפּ א סך פּאָליטישע פאַרברעכער יעדע וואָך.

א דאַנק דעם, האָב איך דערנאָך געהאַט די געלעגנהייט זיך צו טרעפען מיט די אַלע מענשען, פון וועלכע מען האָט מיך גע־וואָלט האַלטען פון דער ווייטענס.

ווען די געפאַהר, אַז מען זאָל מיך פאַרשיקען צו־ווייט איז שוין מעהר ניט געווען, האָב איך געבעטען מיין שוועסטער אָלגאַ, אַז זי זאָל מיך דערווייל לאָזען אַליין און וועקפאָהרען קיין יאָראָ־סלאַוו זיך זעהן מיט איהר מאַן און מיט איהר קינד, און ווען די זומפּען וועלען פאַרפראָרען ווערען און מען וועט מיך שוין קענען אריבערפיהרען אויף דעם באַשטימטען פּלאַץ, זאָל זי ווידער קו־מען צו מיר.

זי האָט דאָס ניט געוואָלט, ווייל זי האָט מורא געהאַט מיך איבערצולאָזען אַליין. איך האָב אָבער געוואוסט ווי שטאַרק זי בענקט נאָך איהר פיער־יעהריגען אינגעלע, האָב איך איהר איינ־גערעדט, אַז מיר וועט ניט זיין שווער אריבערצוטראָגען די איינ־זאַמקייט נאָך א פּאָר וואָכען. אין דער אמת׳ן אָבער, האָב איך דאָן פאַר דער איינזאַמקייט שרעקליך מורא געהאַט און די שטיל־

קיים אין דער נייער טורמע איז פאַר מיר געווען אַ מורא׳דיגע אַפּקומעניש.

דער אויפזעהער פון דער טורמע האָט געשיינט צו זיין אַ פיינער מענש, און פון צייט צו צייט פלעגט ער אריינקומען צו מיר ריידען אַ ביסעל גלאַט אזוי, ווענען וואָס ס׳האָט זיך געמאַכט. מעהרסטענטיילס האָט ער מיט מיר גערעדט ווענען דער טורמע און ווענען די אַרעסטאַנטען. ער האָט מיר דערצעהלט אין וואָס פאַר אַ שלעכטער לאַגע די קרימינעלע פאַרברעכער געפינען זיך, און ווי אַזוי ער מוט אַלץ וואָס ער קען צו פאַרבעסערען זייער לאַגע; ווי ער וויל זיי בילדען און ווי ער האָט ברעה איינצופיהרען פאַר זיי פאַרלעזונגען מיט בילדער, און נאָך און נאָך אַנדערע זאַכען. ער האָט זיך פאַר מיר געקלאַגט דאָרויף וואָס אין דער טורמע־ביב־ליאָטעק זיינען פאַראַן זעהר ווייניג ביכער און אויך דאָרויף, וואָס די אינטעליגענטערע אַרעסטאַנטען, די פּאָליטישע, אינטערעסירען זיך גאַר ניט מיט די קרימינעלע און טהוען גאָר ניט פאַר זיי.

איך האָב ניט געהאַט קיין אורזאַכען איהם חושד צו זיין, אַז ער איז ניט אויפריכטיג; און חוץ דעם איז מיין געמיט אין יענער צייט געווען אַזוי צורודערט, אַז איך בין געווען דאַנקבאַר פאַר יעדען וואָרים וואָרט און בין געווען גרייט צו טאָן אַלעס, אַבי זיך מאַכען ניצליך מיט וואָס ניט איז.

מיט אַ פרייד אין הארצען האָב איך זיך אונטערגענומען צו העלפען די קרימינעלע אַרעסטאַנטען און זיי געבען איינינע פאַר־לעזונגען. באַלד האָב איך צונויפגעשטעלט אַ צעטעל פון ביכער, וואָס זיינען צוגעפּאַסט פאַר דעם דורכשניטליכען עולם; דאָס צע־טעל האָב איך אַוועקגעשיקט קיין פּעטערבורג און געבעטען, מען זאָל גלייך אַרויסשיקען די אַלע ביכער אין דער אַרכאַנגעלסקער טורמע. ליידער אָבער בין איך ניט זיכער אין דעם צי זיי זיינען אָנגעקומען אין טורמע, וויל מיט אַ צייט שפּעטער, האָט מיר איינער פון די אַרעסטאַנטען דערצעהלט, אַז די אַלע גוטע זאַכען, וואָס דער אויפזעהער האָט מיר דערצעהלט ווענען זיך און ווענען זיינע באַציהונגען צו די קרימינעלע פאַרברעכער, זיינען געווען ניט מעהר ווי אַן אָנשטעל; מען האָט מיר דערנאָך דערצעהלט, אַז אין דער אמת׳ן איז ער גאָר אַ שרעקליך ברוטאַלער מענש און אַז ער האָט די אַרעסטאַנטען שרעקליך געפּייניגט און געמוטשעט. און דערצעהלט האָט דאָס מיר אַ פויער, אין וועמענס אַרענטליכ־

קיים איך האָב געהאַט אַ געלעגנהייט זיך צו איבערצייגן. און דוקא ער, דער ברוטאַלער טורמע־אויפזעהער, וואָס האָט געפּייניגט און געמוטשעט די קרימינעלע פאַרברעכער, האָט זיך פאַר מיר גע־וואָלט אויספיינען, זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט דעם לעבן פון די אַרעסטאַנטן אין שליסעלבורגער פעסטונג, אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן מיטגעפיהל, און איינמאָל, ווען איך האָב איהם דער־צעהלט וואָס מיר האָבן אַריבערגעטראָגן אין שליסעלבורג, האָט ער זיך אַזוי צוקאָכט, אַז ער האָט זיך אַזש צושריען: „נו, געשיקט זיך, אַז די גאַנצע צייט האָט קיינער ניט געמאַכט קיין פאַרזוך אייך צו באַפרייען פון דאָרטען?!“ לויט זיין מיינונג איז אויס־געקומען, אַז עס איז אַן עולה וואָס אונזערע חברים־רעוואָלוציאָנע־רען האָבען ניט געמאַכט קיין איבערפאַל אויף דער פעסטונג אונז צו באַפרייען.

אַמאָל פלעגט צו מיר אויך אַריינקומען די „נאַדזיראַטעלניצאַ“ און פון איהר האָב איך דאָס ערשטע מאָל דערהערט דאָס וואָרט „פּאָליטישע“, און דאַן האָב איך זיך דערוואוסט, אַז די ר ע־ וואָלוציאָנערען רופט מען מעהר ניט מיט'ן נאָמען „ראַדיקאַלען“, ווי מען האָט זיי גערופען אין מיין צייט, נאָר — „פּאָליטישע“.

ריידענדיג מיט איהר וועגען די פּאָליטישע פאַרשיקטע, וואָס האָבען זיך דורכגעוואָרפען אין דער אַרכאַנגעלסקער טורמע, וואָס האָט געקענט אַריינגעמען צוויי טויזענט מענשען, האָב איך פאַר־שטאַנען אַז די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג איז איצט אַ סך גרעסער ווי פריהער. אַזוי האָב איך ביי איהר אויסגעפונען, אַז נאָך די סטודענטישע אומרוהען אין פּעטערבורג, זיינען אין דער אַרכאַנ־געלסקער טורמע געווען פאַרשפּאַרט טויזענט סטודענטען, פריהער פלעגט מען אין אַזעלכע פאַלען ניט אַרויסשיקען אַזוי פיעל מענ־שען.

יעדען טאָג האָט די נאַדזיראַטעלניצע מיך געפיהרט שפּאַצירען אַביסעל אויף דער פרישער לופט, און דאַן פלעגט מען דעם גאַנצען הויף אין טורמע מאַכען פּוסט, קיין לעבעדיגער נפש זאָל זיך דאָרטען ניט געפינען. ניט נאָר די פּאָליטישע אַרעסטאַנטען האָבען זיך מיט מיר ניט געטאָרט אָנקעהרען, נאָר אויך די קרימינעלע. ווען מען האָט מיך אַרויסגעפיהרט אין הויף, האָט קיין איינער פון זיי אַפילו ניט געטאָרט קוקען אויף מיר.

דאך האט מען זיי ניט געקענט איינהיטען, און אמאל פלעג איך דאך דערזעהן ווי פון וויטענס רוקט זיך ארויס א פיגור אנגעטאן אין ארעסטאנטסקע קליידער. דאך פלעג איך אנהויבען שפאצירען גיכער, ווייל מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז דאס איז א חבר פון שליסעלבורגער פעסטונג; אפשר פראלענקא? אפשר נאווארוסקי? אדער אפשר אנטאנאוו? אבער איך האב זיך אלע מאל ענטוישט.

בלויז איין מאל האב איך דארט געהאט א באגעגעניש מיט איינעם, וואס האט געקענט באטראכט ווערען אלס א שטיקעל אויגענער מענש. דאס איז געווען דאן, ווען איך האב שפאצירט אין הויף. מיט אמאל האט זיך געעפענט די טהיר פון דער טורמע־אפטייק, און א פאליטישער פארשיקטער, א דענטיסט, וואס האט אפשר געהאלטען אין ארויסרייסען א צאהן ביי איינעם פון די ארעסטאנטען, איז ארויסגעלאפען אין הויף און צוגעהענדיג צו מיר, האט ער מיך אנגערופען ביים נאמען און געפרעגט צי איך וויים עפעס וועגען דעם רעוואלוציאנער קארפאוויטש. די באוואפענטע וועכטער האבען אונז ניט געלאזט ריידען, אבער פון דעסטוועגען האט זיך אונז דאך איינגעגעבען צו ריידען א פאר ווערטער; ער האט מיר זאגאר געגעבען זיין אדרעס קיין מעזען, וואוהין מען פארשיקט איהם, און מיך געבעטען, אז איך זאל איהם אהין אנשרייבען א בריעף וועגען קארפאוויטש'ן. ביי דער ערשטער געלעגענהייט האב איך איהם דעם בריעף אנגעשריבען, און שפעטער בין איך געווען זעהר איבעראשט ווען איך האב דעם בריעף דערזעהן געדרוקט אין דער „איסקרא“, כאטש מען האט ביי מיר ניט אנגעפרעגט צי איך גיב דארויף די ערלויבניש, צי ניין.

ביי דעם זעלבען דענטיסט האב איך אויסגעפונען, אז אין דער ארכאנגעלסקער טורמע געפינט זיך קאטשורא, דער וואס איז געשטעלט געווארען צום געריכט צוזאמען מיט גערשוני'ן. דאס איז געווען דער זעלבער קאטשורא, וואס איז נאך מיט א צייט פריהער געווען פארשפארט אין שליסעלבורגער פעסטונג צוזאמען מיט גערשוני'ן, מעלניקאוו'ן, און סיקארסקי'ן. מען האט זיי דאן געהאלטען ווייט פון אונז אין דער אלטער טורמע און אכטונג געגעבען, אז מיר, די אלטע ארעסטאנטען, זאלען זיך מיט זיי ניט אנקעהרען. אויפ'ן געריכט האט קאטשורא זיך געהאלטען אזוי, אז מען האט זיין באציהונג צו גערשוני'ן געקענט אויסטייטשען שלעכט.

אין שליסעלבורגער פעסטונג האט מען איהם געגעבען מעהר פריי־
ווילעגיעס ווי אנדערע; ארויסגעלאזט האט מען איהם פון דארטען
נאך איידער די צייט איז אויסגעגאנגען און נאכדעם האט מען
איהם פארשיקט אין ארכאנגעלסקער גובערניע. דער דענטיסט
האט מיר געזאגט, אז ביי איהם איז גאר קיין צווייפעל ניט, אז
קאטשורא איז ניט אינגאנצען ביים קלארען פארשטאנד.

פונקט א מאנאט נאכדעם ווי איך בין ארויס פון שליסעל־
בורג, דעם 29טען אקטאבער, בין איך געזעסען אין געפענגעניס
אין מיין איינזאמען קאמער, און עפענענדיג דאס שופלעדעל פון'ם
טישעל, האב איך דערזעהן א נומער פון דער צייטשריפט „רעוואָ־
לוציאנאיא ראסיא," וואס די סאציאליסטען־רעוואלוציאנערען הא־
בען ארויסגעגעבען אין אויסלאנד.

מיט א געמישטען געפיהל פון איבערראשונג און פארגעניגען
האב איך גענומען מישען די בלעטלאך פון דעם אומלעגאלען זשור־
נאל, וואס איז, ווי דורך א נס, אריינגעפאלען צו מיר אין די הענט
אריין נאכדעם ווי איך בין צוויי און צוואנציג יאהר געווען אפגע־
ריסען פונ'ם לעבען.

איך האב זיך א כאפ געטאן לעזען און בין ווירקליך איבער־
ראשט געווארען ווען איך האב דערזעהן ווי מען שרייבט דארטען
וועגען די „נאראדאוואלצעס," ווי מען דערמאנט דארטען אשענברע־
נער'ן, מיך און אנדערע חברים; מ'האט דארט געשריבען וועגען
די וואס זיינען באשטראפט געווארען מיט'ן טויט און אויך וועגען
די וואס זיינען געבליבען לעבען; מען האט וועגען אונז אלעמען
גערעדט זעהר ווארים, און צוגעגעבען, אז מיר זיינען געווען די
פיאנערען.

באגראבען אין די לעבעדיגע קברים פון שליסעלבורגער פעס־
טונג, האבען מיר געמיינט, אז מען האט אן אונז שוין אינגאנצען
פארגעסען און אז דער נייער דור ווייסט גאר ניט פון אונז. מיר
האבען קיינמאל ניט געטראכט וועגען א ראלע אין דער געשיכטע,
אונז איז קיינמאל ניט איינגעפאלען, אז די צוקונפטיגע דורות
וועלען אונז געדענקען.

און איך געדענק נאך ווי מאנוטשאראוו, איינער פון אונזערע
חברים אין שליסעלבורגער פעסטונג, האט איינמאל אנגעשריבען
א ליעד, אין וועלכען ער האט גערעדט וועגען באריהמטקייט, האט
דאס מיך שטארק פארדראסען און איך האב איהם געענטפערט,

אויך אין אַ ליעד, אַז ווען אַ מענש טוט זיין פליכט פאַר׳ן פאָלק, דאַרף ער אין דעם ניט זוכען קיין באַריהמטקייט.

און דאָ איז אַוועק אַ פערטעל יאַהרהונדערט און מיר זעהען ווי אונזער אידעאַל לעבט. עס שטראָמט ווייטער אַ רעוואָלוציאָ־נערע כוואַליע און אויף דער פאָהן זיינען אַנגעצייכענט די נעמען פון די ערשטע, וואָס האָבען געקעמפט פאַר פרייהייט.

מען געדענקט אונז, מען קען אונז; מען אנערקענט אונז; און מיר, די באַגראָבענע אין די לעבעדיגע קברים, האָבען געמיינט, אַז מיר זיינען געבליבען אַליין און קינדער טוט ניט ווייטער די אַרבייט, וואָס מיר האָבען אַנגעהויבען.

# צווייטער קאפיטעל.

## ניאנאקסא.

דעם 18טען נאוועמבער, פונקט א מאנאט נאכדעם ווי מען האט מיך געבראכט קיין ארכאנגעלסק, האט מען מיך אוועקגעפיהרט אינ'ם דארף ניאנאקסא.

דערביי האט מען געמאכט א גאנצען טאראראם. פריהער איז דער פריסטאוו אליין ארויסגעפאהרען זעהן צי דער וועג האט זיך שוין איינגעשטעלט אזוי, אז מען זאל דארטען קענען פאהרען. דערנאך איז ער געקומען און אפגעגעבען א באריכט, אז די צפון'דיגע דווינא איז שוין פארפרארען, און אז דאס אייז ביי די ברעגען פונ'ם ווייסען ים, וואו מיר וועלען דארפען פאהרען עטליכע ווארסט, איז שוין גענוג שטארק.

ארום ניין א זייגער אין דער פריה איז שוין מיין שוועסטער אלגא געווען ביי די טויערען פון דער טורמע. צוזאמען מיט איהר זיינען אויך געשטאנען עטליכע פאליטישע פארשיקטע, וועלכע האבען זעהר געוואלט מיך באגלייטען.

אין שטאדט זיינען דאן געווען מעהר ווי הונדערט פאליטישע פארשיקטע, און זיי זיינען אלע געווען גרייט צו קומען זיך געזעגענען מיט מיר. אבער איך בין געווען געגען דעם. איך האב ניט געוואלט, אז מען זאל מאכען א דעמאנסטראציע, ווען מען באגלייט מיך, פונקט אזוי ווי איך בין געווען געגען דעם, ווען איך בין געקומען, ווייל איך בין געווען זיכער, אז אויב מען וועט מאכען א דעמאנסטראציע פאר מיר לעבען דער טורמע, וועלען באלד קומען קאזאקען און עס וועט זיך אנהויבען א געשלעג. אזא זאך האב איך ניט געקענט דערלאזען אין אזא צייט, ווען מיר אליין וואלט אויסגעקומען צו בלייבען אין טורמע פארשפארט און ניט האבען די מעגליכקייט זיך צו מישען.

אין דרויסען זיינען שוין געשטאנען גרייט די פוהרלאד. איך

און מיין שוועסטער האָבען זיך אַריינגעזעצט אין איין פוהרעל; דער איספּראַווניק מיט'ן אוריאַדניק — אין צווייטען פוהרעל, און אין שליטען האָבען זיך אַריינגעזעצט די צוויי באַוואָפענטע וועכ־טער, וועלכע זיינען באַשטימט געוואָרען מיך צו היטען אינ'ם דאָרף ניאָנאָקסאַ.

מיר זיינען אַרויסגעפאָהרען מיט פּאַראַד. און אין די דער־פער, וואו מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט בייטען פערד, האָבען מיר געמאַכט אַ גוואַלדיגען פוראָר, ווייל די פויערים האָבען געמיינט אַז דאָס פאָהרט אודאי דער גובערנאַטאָר אַליין, אָדער אפשר גאָר נאָך אַ גרעסערער נאַטשאַלניק; וואָרים אַבי־וועמען וועט מען דאָך ניט באַגלייטען מיט אַזאַ פּאַראַד...

פון דער אַרכאַנגעלסקער טורמע האָב איך עטליכע מאָל גע־שריבען בהיעף דער באַוואוסטער רוסישער פירסטין, מאַריאַ מיכאַי־לאָוונאַ דאָנדוקאָווא־קאָרסאַקאָווא, וועלכע איז אַ פּאָר מאָל גע־קומען מיט אַ טרייסט־וואָרט צו די פאַרשפּאַרטע אין שליסעל־בורגער פעסטונג און וועלכע האָט מיך באַזוכט אין פּעטראָפּאַוו־לאָווסקער פעסטונג, איידער מען האָט מיך אַרויסגעשיקט קיין אַרכאַנגעלסק. אויפ'ן אַדרעס האָב איך, געוועהנליך, געשריבען „איהר מאַיעסטעט" און איבער דעם האָט מען אויף מיר אָנגע־הויבען קוקען מיט אַנדערע אויגען; ניט נאָר אין טורמע, נאָר אויך אויסער דער טורמע, האָט מען דערצעהלט מעשיות, אַז איך שרייב זיך איבער מיט פּרינצעסינס און פירסטינס. בפרט נאָך, ווען מען האָט דערזעהן מיט וואָס פאַר אַ פּאַראַד מען פיהרט מיך, האָט מען וועגען מיר אין די אַרומיגע דערפער אָנגעהויבען פאַר־שפּרייטען אַהן אַ שיעור קאָמישע בבא־מעשיות און לעגענדעס.

אימיצער האָט אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז אין דאָרף ניאָנאָקסאַ האָט מען געבראַכט זעהר אַ וואַזשנע הויף־דאַמע, וואָס האָט זיך מיט עפּעס פאַרזינדיגט בּיים קיסר. און מעהר האָט מען ניט גע־דאַרפט: באַלד האָט זיך דער קלאַנג פאַרשפּרייט איבער אַלע דערפער און דערפלאַך אַרום און אַרום, און אַזוי איז דאָס געגאַנגען פון מויל צו מויל, ביז מען האָט מיך אַליין אויך געמאַכט פאַר אַ פּרינצעסין... פויערטעס, וואָס זיינען געקומען צו אונז פאַרקויפען אייער און עופות, האָבען געבעטען מיין שוועסטער, אַז זי זאָל זיי לאָזען כאָטש איין מאָל אַ קוק טאָן אויף דער „פּרינצעסין". דערנאָך איז שוין אויסגעקומען, אַז איך בין ניט קיין אַנדערע ווי די גרויס־

פירסטין עליזאוועטא פיאדאראוונא, און געקומען אהער בין איך
כדי אויסצוגעפינען דעם אמת ווי דאס פאלק לעבט... פון אלע זייטען
האט מען מיך אנגעהויבען פארווארפען מיט בריעף און אנדערש ווי
„אייער מאיעסטעט" האט מען מיך ניט גערופען. עס איז דער־
גאנגען אזוי ווייט, אז מען האט זיך צו מיר אנגעהויבען ווענדען
מיט בקשות, איך זאל זעהן עפעס טאן פאר׳ן ארימען פאלק, און
יעדער איינער האט זיך פאר מיר געקלאגט, אז ער ליידעט „הונגער
און קעלט."

שוואך בין איך געווען, און פון דעם שלעפען זיך מיט פערד
אויף א מהלך פון זיבעציג ווארסט, בין איך געווארען שרעקליך
מיעד. און ווען מיר האבען זיך אפגעשטעלט אויף דער סטאנציע,
האט מיין שוועסטער מיך אוועקגעלייגט אויף א ווייך סאפקעלע,
איך זאל זיך א ביסעל אפרוהען.

אבער נאך איידער איך האב אוספייעט דעם קאפ צוצושפארען,
איז אריינגעקומען א באוואפענטער וועכטער און זיך אוועקגעשטעלט
ביי דער הרובע, מאכענדיג דעם אנשטעל, אז ער ווארעמט זיך
דארטען.

— וואס דארפט איהר דא? — האט איהם מיין שוועסטער
געפרעגט.

— מען האט מיר געהייסען אייך היטען, היט איך אייך, —
האט ער געענטפערט.

ווען מיין שוועסטער האט דאס דערהערט, איז זי געווארען
בייז און גלייך אוועקגעלאפען צום איספראווניק מיט א טענה. זי
האט מיט איהם אזוי לאנג גערעדט, ביז דער איספראווניק האט
איהר געמוזט נאכגעבען און הייסען דעם באוואפענטען וועכטער
ארויסגעהן.

דערביי וויל איך באמערקען, אז נאך אין שטאדט, אין אר־
כאנגעלסק, איז שוין אויפגעהויבען געווארען די פראגע וועגען די
צוויי באוואפענטע וועכטער. דער איספראווניק האט גאנץ אפען
געזאגט מיין שוועסטער, אז אין ניאנאקסא וועלען די צוויי באוואַ־
פענטע וועכטער אין מיין וואוינונג מיך היטען ב י י ט א ג און
ב י י נ א כ ט.

דאס האט מיין שוועסטער בשום אופן ניט געקענט דערלאזען;
זאלען די באוואפענטע וועכטער שטעהן בייטאג און ביינאכט ב י י
דער טהיר פון מיין וואוינונג, אבער ניט א י נ ו ו ע נ י ג.

און זי האט דאס אויסגעפיהרט.

דער איספראווניק האט אפילו גע'טענה'ט, אז די וועכטער מוזען שטעהן אינוועניג, ווייל אין דרויסען איז זעהר קאלט; אבער מיין שוועסטער האט פארשטאנען, אז דאס איז ניט מעהר ווי אן אויסרייד און זי האט מיט'ן איספראווניק אזוי לאנג גע'טענה'ט, ביז ער האט איהר נאכגעגעבען.

אויפ'ן צווייטען טאג האבען מיר זיךביידע גוט אנגעפעלצט און זיינען אוועק איבער'ן דארף זוכען א וואוינונג. און עס איז געוועזן אזוי מאדנע צו געהן אין גאס אליין, ניט ארומגערינגעלט פון זשאנדארען. אמת טאקי, אינגאנצען פריי בין איך נאך אלץ ניט געווען, ווייל ווייטער א ביסעל איז מיר נאכגעגאנגען איינער פון די צוויי באוואפענטע וועכטער.

ארום און ארום זיינען אין דארף געווען א צוויי טויזענט איינוואוינער, און ווען איך בין אהין אריינגעפאהרען און האב דער־זעהן אזוי פיעל צוויי־גארענדיגע שטיבלאך, האב איך זיך דערפרעהט, ווייל איך בין געווען זיכער, אז איך וועל דא געפינען א גוטע און באקוועמע וואוינונג.

אויסגעלאזט האט זיך אבער אנדערש. עס איז זעהר שווער געווען צו געפינען א וואוינונג.

אין ארכאנגעלסקער גובערניע זיינען פאראן זעהר א סך וועל־דער און די רעגירונג, צו וועמען זיי באלאנגען, גיט אוועק היבשע טהיילען פאר די פויערים פאר זעהר א ביליגען פרייז. א דאנק דעם האבען אייניגע פויערים ניט נאר איין שטיבעל, נאר צוויי. פון דרויסען קוקען די שטיבלאך אויס זעהר פיין, אבער אינוועניג זיינען זיי זעהר אפגעלאזען, און ווען מען קומט אריין אין זיי, דוכט זיך אויס, אז די בעלי־בתים זיינען אמאל געווען פארמעגליכע מענשען, אבער איצטער זיינען זיי פאראארימט געווארען. די ווענט זיינען פארקלעפט מיט שפאליר, אבער ערטערווייז איז דאס אפגעריסען, אפגעריבען און העננט ארונטער שטיקלאכווייז; די שויבען זיינען אויסגעזעצט און דער ווינט רייסט זיך אריין אין שטוב פון אלע זייטען; די פאלען זיינען אפגעפארבט, אבער ערטערווייז צובראכען און פארשמוצט. און די בעלי־בתים אליין וואוינען גאר ניט אין די געראמע דירות, נאר אין קליינע שמוציגע שטיבעלאך.

איך און מיין שוועסטער האבען זיך לאנג ארומגעדרעהט איבער די גאסען און אלץ ניט געקענט געפינען קיין פאסיגע וואוינונג פאר

מיר. קוים מיט צרות האבען מיר געפונען א צוויי־גארענדיג שטיבעל, וואו מען האט אונז אנגעבאטען א דירה פון דריי חדרים מיט א קיך פאר פופצעהן רובעל א חודש. קיין נחת האבען מיר פון דער דירה ניט געהאט, ווייל אלעס איז דארטען געווען אפגעלאזען, און ווען מען האט איינגעהייצט דעם אויווען, איז דארטען געווען אזא טשאד, אז מען האט געקענט דערשטיקט ווערען.

אזוי שנעל ווי מיר האבען זיך באזעצט אין אונזער נייער דירה, האבען זיך אהין אריבערגעקליבען די צוויי וועכטער. זיי האבען פארנומען דעם הינטערשטען גארען און געהאט אן ארבייט אכטונג צו געבען אויף מיר, איך זאל ניט אנטלויפען. די פויערים פון'ם דארף האבען געקוקט אויף זיי קרום, און ניט איינמאל איז מיר אויסגעקומען צו הערען אזא באמערקונג אויף זייער חשבון:

„פארוואס קומט זיי פינף און צוואנציג רובעל א חודש? אזעל־כע פוסט און פאסניקעס! לעבען זיך ווי די קאטערס; עסען, טרינקען און ווארימען זיך אויפ'ן אויווען.“

פון דער וואוינונג זיינען מיר ניט געווען צופריעדען, ווייל דארטען איז געווען שרעקליך קאלט און זעהר אומהיימליך. דערפאר אבער זיינען מיר געווען צופריעדען פון דעם, וואס מען קען אין דארף קריגען אלעס זעהר ביליג — אלערליי פראדוקטען, פיש און אויך פלייש פון פארשיעדענערליי חיות. בלויז אין גוטע מילך איז דארט געווען א מאנגעל, ווייל די בהמות האבען ניט געהאט וואו זיך צו פאשען, און איבער דעם איז געווען איינגעפיהרט צו נעמען קעל־בעלאך פון צוויי וואכען און זיי קוילען.

זומער טרעפט דארטען זעהר זעלטען, אז עס זאל אין דרויסען זיין שעהן דריי טעג נאכאנאנד. די איינוואוינער ארום און ארום גיבען זיך אפ מיט יאגד, כאפען פיש און פיהרען געהילץ פון די וועלדער און חוץ דעם קאכען זיי זאלץ און שיקען ארויס הונדערטער פודען קיין ארכאנגעלסק, און פון דארטען שיקט מען עס אוועק איבער'ן ים.

איבער דעם וואס איך בין אזא לאנגע צייט געווען אינגאנצען אפגעריסען פון'ם לעבען, איז געווען ניט מעהר ווי נאטירליך, אז איך זאל האבען א שטארקען פארלאנג עפעס צו טאן און מיט עפעס זיך מאכען ניצליך. האב איך זיך אנגעהויבען צוקוקען צו דעם לעבען אין דארף, און ווען איך האב דערזעהן, אז די קווישעלאך, אין וועלכע מען פאקט די זאלץ אוועקצושיקען ווייט, ווערען גע־

בראכט פון ארכאנגעלסק און קאסטען זעהר טייער, איז מיר איינ־
געפאלען, אז עס וואלט געווען א גלייכע זאך, אז די איינוואוינער
פונ׳ם דארף זאלען זיך אליין אויסלערנען די מלאכה צו פלעכטען
קוישעלאך.

איך אליין האב זיך דאך ניט געטארט מישען אין קיין געזעל־
שאפטליכע זאכען, האב איך, דורך אנדערע, געעפענט א קליין פאב־
ריקעל, וואו מען זאל מאכען די נויטיגע קוישעלאך. דאס געלט
דארויף האב איך געדארפט געבען.

געעפענט דאס פאבריקעל און געקראגען די נויטיגע מאטע־
ריאלען, האבען מיר אראפגעבראכט א בעל־מלאכה, וואס איז געווען
א ספעציאליסט צו פלעכטען קוישעלאך, און דאן האב איך אנגע־
הויבען געהן פון שטוב צו שטוב און אלעמען איינגערעדט צו געהן
אין פאבריקעל און זיך אויסלערנען די מלאכה.

אבער מיין ארבייט איז געווען אומזיסט. מעהר ווי פינף
בעלנים, אלע קליינע אינגלאך, האב איך אין דארף ניט געפונען
און איבער דעם האבען מיר דאס פאבריקעל געמוזט צומאכען.

נאכדעם האב איך געפרואווט ארגאניזירען א קאאפעראטיווע
געזעלשאפט צו מאכען טעפ פון ליים, אבער דאס האט זיך מיר
אויך ניט איינגעגעבען: די פאליציי אין דארף איז צו מיר גע־
ווארען שטרענגער און די וועכטער האבען אנגעהויבען סטראשען
די פויערים, אז אויב זיי וועלען ריידען מיט מיר, וועט מען זיי
ארעסטירען, אדער נאך ערגער — מען וועט זיי שיסען.

דאך האב איך פון צייט צו צייט געפונען געלעגענהייטען צו
פארברייגגען א ביסעל מיט די איינוואוינער פונ׳ם דארף און ריידען
מיט זיי וועגען פארשיעדענע זאכען. די מעהרסטע פון זיי זיינען
געווען אויפגעקלעהרטע און האבען געקענט לייענען און שרייבען
און ביי איינינע האב איך אין הויז געזעהן קליינע ביכער־שראנקען,
וואו מען האט געקענט געפינען די ווערק פון בארימטע רוסישע
שרייבער און אויך געבונדענע זשורנאלען.

„ניט איינמאל טרעפט, אז עס קומט דיר אן א גרויסער חשק
אריינצוקוקען אין א בוך, זעצסטו זיך אוועק און הויבסט אן לייע־
נען און אזוי פארלייענסטו זיך ביז צוויי א זייגער ביינאכט" —
אזוי האט מיר אמאל געזאגט איינער פון די איינוואוינער, ווען איך
האב זיך מיט איהם צורעדט וועגען ביכער.

אין דארף איז אויך געווען א לעזעצימער, אבער אין ביכער

איז דאָרט געווען אַ מאַנגעל, און דערצו איז נאָך דער אויסוואַהל געווען ניט אַזאַ גראָסטענער. איך האָב זעהר געוואָלט ארויסהעלפען אין דעם און קריגען מעהר ביכער, אָבער דאָס איז פאַר מיר געווען זעהר שווער, ווייל די איינוואוינער האָבען מורא געהאַט צו זיין צו היימיש מיט מיר.

פונדעסטוועגען פלעגען אייניגע דאָך געפינען געלעגענהייטען זיך צו טרעפען מיט מיר, און דאַן האָב איך זיך איבערצייגט, אַז איך דאַרף דאָ געפינען זיך גאַנץ אינטערעסאַנטע מענשען, וואָס גאַרען נאָך בילדונג און ווילען וויסען וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. אַזוי האָט זיך איינער פון די איינוואוינער געווענדעט צו מיר מיט אַ בקשה, אַז איך זאָל איהם געבען עטליכע ביכער; ער פאָהרט אַוועק אויפ'ן מורמאַן כאַפּען פיש, וויל ער דאַרטען אין די פרייע שטונדען לייענען און אויך געבען אַנדערע לייענען.

ניט נאָר אויף די אָרטיגע איינוואוינער, וואָס האָבען זיך פון צייט צו צייט מיט מיר געטראָפען, האָט די פּאָליציי געהאַלטען אַן אויג, נאָר אויך אויף די, וואָס זיינען פון אַנדערע ערטער גע־קומען זיך זעהן מיט מיר. און דאָך האָט עס מיר ניט געשטערט זיך צו טרעפען מיט אייניגע פּאָליטישע פארשיקטע, וואָס זיינען געקומען צו מיר פון ארכאַנגעלסק — מיט די צוויי אדוואָקאַטען באלאַווענסקי און פערעווערזעוו, מיט דעם פריוואַט דאָצענט פון פעטערבורגער אוניווערזיטעט גאָלדשטיין, מיט דעם יאַראָסלאַווער לאַנדבאַזיצער קלאָפּישטשעוו און מיט נאָך אַנדערע.

עס איז געווען געגוג, אַז אימיצער זאָל צו מיר קומען צו גאַסט און זיצען אַ ביסעל, איז נאָכדעם באַלד אויסגעוואַקסען דער אוריאַדניק און מיר גענומען שטעלען פראַגען, ווער ער איז און וואָס ער איז. פאַרלייקענען זייערע נעמען האָב איך ניט גע־דאַרפט און איך האָב אַלע מאָל געזאָגט דעם אמת. נאָר איינמאָל, ווען דער אוריאַדניק איז צוגעשטאַנען צו מיר מיט צופיעל פראַגען, בין איך געוואָרען אין כעס און געענטפערט:

— געווען ביי מיר מאַקאַראָוו, דער הויפּט אין גובערנאַטאָרס קאַנצעלאַריע (אָפּיס), און זיינע באַקאַנטע.

געזאָגט האָב איך דאָס, ווייל איך האָב זיך גלאַט געוואָלט אָפּטשעפּען פונ'ם אוריאַדניק, ער זאָל מיר ניט דרעהען קיין מוח. אָבער ווען ער האָט דאָס דערהערט, איז ער געבליבען שטעהן ווי אַ פריטשמעליטער און מעהר דאָס מויל ניט געקענט עפענען. ביי

איהם איז אויסגעקומען, אז אויב אזעלכע „גרויסע מענשען" קומען צו מיר מיט א וויזיט, מוז איך אודאי זיין ניט אבי ווער... ערשט שפעטער האט ער אויסגעפונען, אז איך האב איהם אפגענארט און ער האט דערפאר געהאט טענות צו מיר.

דער גובערנאטאר איז געווען שטארק אויפגעטראגען אויף מיר; ער האט ניט געוואלט ליידען, וואס ס'קומען צו מיר אזוי פיעל מענשען פון ארכאנגעלסק, און איינמאל האט ער מיר געסטראשעט, אז אויב עס וועט ווייטער אזוי אנגעהן, וועט ער מיך פון ניאנאקסא פארשוקען אזוי ווייט, אז אפילו קיין פויגעל קען אהין ניט צוקומען.

איך האב זיך אבער פארט ניט געקענט אפזאגען פון די וויזיטען, ווייל עס איז מיר געווען זעהר אנגענעם זיך צו טרעפען מיט די מענשען, וועלכע האבען די ערשטע באגריסט מיין באפרייאונג פון שליסעלבורגער פעסטונג.

און זיי זיינען צו מיר געווען אזוי גוט! ווען מען האט מיך געבראכט אין דער ארכאנגעלסקער טורמע, האבען זיי דארטען געוואלט מאכען א דעמאנסטראציע פאר מיר. דערנאך האבען זיי מיר צוגעשיקט צוויי גרויסע בריעף מיט עטליכע הונדערט חתימות, און אין די בריעף האבען זיי מיך באגריסט אלס א מיטגליעד פון דער „נאראדנאיא וואליא" און אויסגעדריקט די האפנונג, אז רוסלאנד וועט אינגיכען זיין פריי. און מעהר פון אלעם האט מיך גערירט דאס, וואס דער ערשטער אויפ'ן בריעף איז געווען דער אונטערשריפט פון א יונגען פויער, וואס האט געשטאמט פונ'ם דארף וויאזמינא, פעטראַווסקער אויעזד, סאראטאווער גובערניע, וואו איך האב נאך אינ'ם יאהר 1878 געארבייט אלס א פעלדשעריץ און אנגעפיהרט א רעוואלוציאנערע אגיטאציע. איך האב דאן געהיילט זיין פאטער, און ער אליין איז נאך געווען א קליין אינגעל און איז געגאנגען אין דער שקאלע, וואס איך און מיין שוועסטער יעווגעניא האבען דארט געמאכט; שפעטער, ווען ער איז אויסגעוואקסען, איז ער אוועק פון דארף, געווארען אן ארבייטער, זיך אנגעשלאסען אן דער רעוואלוציאנערער באוועגונג, אנטייל גענומען אין א סטרייק און איז פארשיקט געווארען קיין ארכאנגעלסק — און איצט האט ער זיך צו מיר געווענדעט ווי א רעוואלוציאנער, ווי א אינגערער חבר צו אן עלטערען.

אויף די צוויי ווארימע באגריסונגען האב איך געענטפערט מיט א בריעף, וואס איז דערנאך אין 1909, אפגעדרוקט געווארען

אין דעם באנד פון מיינע געזאמעלטע לידער. יאקובאוויטש האט דעם בריעף א נאמען געגעבן: „א ליעד אין פראזע.“
דאס איז דער בריעף:

„טייערע חברים! איך האב געקראגען אייער באגריסונג און איך דאנק אייך זעהר דערפאר. זאגען, אז דאס איז פאר מיר א גרויסע פרייד, וואלט געווען זעהר ווייניג געזאגט. אייער באגריסונג רופט ביי מיר ארויס א שטראם פון געמישטע געפיהלען — פרייד און טרויער. עס איז א פרייד צו זעהן אייער מוט, אייער באגייסטערונג און אייער גרויסע צאהל... עס איז א פרייד צוזאמען מיט אייך צו האפען אויף א בעסערע צוקונפט... עס ווערט אבער אומעטיג אויפ'ן הארצען, ווען מען דערמאנט זיך אן דעם, וואס מען האט פריהער איבערגעלעבט און אן די פריינד, וואס זיינען אומגעקומען... ווען צו אונז וואלט צוגעקומען כאטש איין פונק פון אייער מיטגעפיהל, כאטש איין אפגלאנץ פון אייער באגייסטערונג, וואלט אונז ניט געווען אזוי שווער די צרות אריבערצוטראגען! אבער מיר זיינען געווען אפגעריסען פון דער גאנצער וועלט און פון אלעס, וואס איז אונז געווען ליעב און טייער, און דערפאר האבען מיר אזוי שרעקליך געליטען...

„אפטמאל האט מיר מיין פאנטאזיע געשילדערט די בילד פון דעם באוואוסטען רוסישען מאהלער ווערעשטשאגין: אויפ'ן שפיץ פון דער שיפקע, אין א גרויסען שנעע־שטורם, שטעהט א סאלדאט אויפ'ן פאסט, אינגאנצען פארגעסען פון זיינע חברים... ער שטעהט און באוואכט די פאזיציע, פון וואנען אלע זיינען זיך צולאפען... ערווארט, אז אן אנדער סאלדאט זאל קומען איהם פארבייטען... אבער קיינער קומט ניט... און קיינער וועט ניט קומען!... און די זאווערוכע הערט ניט אויף... דער שנעע פאלט און פאלט... און פארשיט ביסלעכוויין דעם פארגעסענעם סאלדאט... אט גרייכט איהם שוין דער שנעע ביז די קני... אט גרייכט ער שוין ביז'ן גארטעל... און אט — ביז צום קאפ... דער סאלדאט איז שוין אינגאנצען פארשאטען... מען זעהט שוין אן ניט מעהר ווי די שפיז פון זיין ביקס, און דאס איז א צייכען דארויף, אז ער האט זיין פליכט געטאן... מעהר קען ער שוין גאר ניט טאן...

„אט אזוי האבען מיר געלעבט יאהרען און יאהרען און די איינזאמקייט אין טורמע האט אלץ מעהר און מעהר, פונקט ווי דער שנעע־שטורם אין ווערעשטשאגין'ס בילד, פארשאטען אונזע־

רע האָפּענונגען און אָפּגעמעקט פונ׳ם זכרון די אַלע זאַכען, וואָס זיינען אונז געלעגען אין זינען... מיר האָבען אויך געוואַרט, אַז אַנדערע זאָלען קומען אונז בייטען. מיר האָבען אַרויסגעקוקט אויף נייע חברים, אויף נייע כוחות... אָבער מיר האָבען זיך אויף קיינעם ניט דערוואַרט. מיר זיינען אַלט געוואָרען, אונזער לעבען האָט זיך אַלץ ווייטער און ווייטער אָוועקגערוקט פון אונז — און קיינער איז אַלץ ניט געקומען אונז בייטען!

„דערפאַר האָט זיך אונז געדוכט, אַז אַלעס איז שטיל, אַז אַלעס איז אָפּגעשטאָרבען... אַז אויף דער פרייהייט איז דיזעלבע פוסטקייט ווי אין טורמע...

„אָבער — ניין! מיר זיינען געווען אָפּגעריסען פונ׳ם לעבען, אָבער דאָס לעבען האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט און איז ווייטער גע־גאַנגען, און אויסגעקומען איז אַזוי, אַז דאָס, וואָס ס׳איז פריהער געווען אַ קליין ריטשקעלע, איז דערנאָך געוואָרען אַ גרויסער טייך... אָבער די ווענט פון דער טורמע זיינען געווען דיק, זיי האָ־בען צו אונז גאָר ניט צוגעלאָזט און מיר זיינען ווי די טויטע שטיי־נער געלעגען ביים ברעג און דער שטראָם האָט אונז ניט געקענט מיטשלעפּען"...

# דריטער קאַפּיטעל.

## מיין שטימונג.

דאָס פאַר א שטימונג האָב איך געהאַט אין דעם פאַר־
וואָרפענעם דאָרף ניאַנאַקסאַ? לפנים האָט אַלעם
אויסגעזעהן גוט און פיין. איך האָב זיך איינגע־
אָרדענט אין דער נייער קוואַרטיר און גרושאַ רי־
בינאַ, די מיידעל, וועלכע האָט פריהער געדיענט
ביי די באַלאַווענסקיס, האָט אכטונג געגעבען אויף
מיר און אַרויסגעוויזען א סך געטריישאַפט. מיין
שוועסטער אַלגאַ איז אַוועקגעפאָהרען, און כדי איך זאָל ניט בליי־
בען עלענד, איז צו מיר פון פעטערבורג געקומען מיין שוועסטער
לידיא און ווען לידיא איז אַוועקגעפאָהרען, איז צו מיר געקומען
מיין שוועסטער יעווגעניאַ. לידאַטשקאַ האָט געשריבען דעם ברוד־
דער, אַז איך בין מוטהיג און פרעהליך. איך אַליין האָב טאַקע
געפּרואווט מאַכען אַזאַ אַנשטעל און ווי ווייט איך האָב נאָר גע־
קענט, האָב איך געמיטליך געפלוידערט און געלאַכט; אָבער אין
דער אמת'ן האָב איך זיך געפיהלט זעהר ניט גוט, ווייל זינט איך
בין אַרויס פון דער פעסטונג, האָב איך זיך אין ערגעץ קיין אָרט
ניט געקענט געפינען און מיר האָט זיך אַלץ געדוכט, אַז איך האָב
פאַרלאָרען דעם באָדען פון אונטער די פיס. מען האָט מיך אַלץ
געטרייסט, אַז דאָס וועט איבערגעהן, אָבער עס איז ניט איבער־
געגאַנגען.

נאָך אין פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג האָב איך מיט שרעק
אַנגעהויבען באַמערקען, אַז איך האָב מיט אַמאָל איינגאַנצען פאַר־
לאָרען דעם זכרון. וויפיעל איך האָב זיך ניט געבראָכען דעם קאָפּ
זיך צו דערמאָנען דעם נאָמען פון דער הויפּטשטאָדט אין דער
שווייץ און אין וואָס פאַר א לאַנד עס געפינט זיך די שטאָדט
קאָפּענהאָגען, האָב איך ניט געקענט. די אַלע זאַכען, וואָס איך
האָב אויסגעשטודירט אין פאַרלויף פון אַזוי פיעל יאָהרען אין

שליסעלבורגער פעסטונג, זיינען מיר אינגאַנצען אַרויס פון'ם קאָפּ. איך האָב זיך געשעהמט. עס איז מיר געווען אַ גרויסער וועהטאָג, און פאַר בזיון האָב איך זיך באַהאַלטען פאַר מענשען. עס איז מיר געווען אַ שאַנדע צו ווייזען דאָס פּנים פאַר לייטען, ווייל וואָס הייסט עפּעס אַ מענש זיצט אָפּ אין געפענגניס צוואַנציג יאָהר און אַנטוויקעלט זיך גאָרניט גייסטיג? ! פאַרגעסט אַלעס, וואָס ער האָט אַמאָל געקענט, אין דער צייט, ווען אויף דער פרייהייט זיינען מענשען ניט געשטאַנען אויף איין אָרט און האָבען זיך אַנטוויקעלט. איך האָב זיך שיער אויפגעגעסען אַ לעבעדיגע. „גאָט מיינער! — האָב איך זיך געטראַכט, — געשיקט זיך, אַז די אַלע ווי־סענשאַפטען, וואָס איך האָב אין געפענגניס געלערענט — כעמיע, פיזיק, אַסטראָ־נאָמיע, באָטאַניק, און די אַלע אַנדערע זאַכען — געשיקט זיך, אַז איך וועל זיך דאָס שוין קיינמאָל ניט דערמאָנען?“

עס איז מיר געווען אַזאַ פאַרדרוס, אַז איך האָב געמיינט די גאַל וועט אין מיר פּלאַצען. אַלעס פאַרגעסען! אפילו די געאָגראַפיע פון אייראָפּאַ, וואָס איך האָב אַזוי גוט געקענט.

אין יענער צייט איז מיר איינגעפאַלען, אַז דאָס איז ניט מעהר ווי אַן איבערגאַנגס־מאָמענט און אַז דאָס איז דערפאַר, וואָס אין מיין לעבען איז פאָרגעקומען אַזאַ גרויסע ענדערונג; פון ביכער האָב איך געוואוסט, אַז איבער אַזאַ זאַך פאַרלירט מען אַמאָל דעם זכרון אויף אַ שטיק צייט; אָבער אפילו דאָס האָב איך אויך פאַרגעסען.

ווען מען האָט מיך אַרויסגעלאָזט פון דער שליסעלבורגער פעסטונג און אַריינגעזעצט אין דער פעטראָפּאַוולאָווסקער, האָב איך זיך דאָרטען געכאַפּט, אַז די ראיה איז ביי מיר מיט אַמאָל געוואָרען זעהר קאַליע; איך זעה זעהר שלעכט און ווען איך נעם עפּעס אין דער האַנט אַריין, פיהל איך ניט וואָס דאָס איז און עס איז מיר שווער דאָס צו זעהן. איך האָב דאָרטען איינמאָל גענומען אין דער האַנט אַריין אַ נאָדעל און אַ פינגערהוט, האָב איך זיי ניט געפיהלט און געמוזט צולייגען נאָהענט צו די אויגען, זעהן וואָס דאָס איז.

אין קליידער האָב איך ניט געקענט וויסען וועלכע זייט עס איז די רעכטע און וועלכע די לינקע, און ווען מען האָט מיר דאָס ערשטע מאָל געגעבען אַ מאַנטעל, האָב איך איהם אָנגעטאָן אויף דער לינקער זייט, און ווען מען האָט מיר געגעבען אַ קלייד, בין

איך געבליבען שטעהן אַ צוטומעלטע, ווייל איך האָב פשוט ניט געוואוסט ווי אַזוי מען טוט עס אַן...

אין אַרכאַנגעלסק איז שוין אַזוי ניט געווען. די אויגען האָבען מיר געדיענט, די חושים אויך, אָבער דער זכרון איז אינגאַנצען פאַרשוואונדען, און דאָס האָט מיך אַריינגעטריבען אין אַ שרעקליכער פאַרצווייפלונג, ווייל זאָגען דעם אמת, אַז איך געדענק גאָרניט, האָב איך זיך געשעהמט, און חוץ דעם האָב איך מורא געהאַט, מען זאָל נאָך ניט באַמערקען, אַז איך האָב פאַרלאָרען דעם זכרון.

אין אַלגעמיין האָב איך מורא געהאַט פאַר מענשען, און נאָך איידער איך בין אַרויס פון דער שליסעלבורגער פעסטונג, איז מיר ניט איין מאָל איינגעפאַלען, אַז עס וועט זיין שרעקליך, ווען איך וועל זיך טרעפען מיט מענשען, ובפרט נאָך מיט אַזעלכע, וועמען איך געדענק נאָך פון פריהער אַלס יונגע, מוטיגע און לעבענסלוסטיגע.

נאָך דאָן האָב איך געהאַלטען אין איין קלערען וועגען דעם ווי שווער עס וועט מיר זיין זיך צו טרעפען מיט מיינע אַלטע פריינד, ווייל איך האָב אַזוי געוואָלט, אַז מיינע פריהערדיגע חברים זאָלען מיך געדענקען אַזאַ, ווי איך בין געווען אין יענע יאָהרען, ווען איך האָב צוזאַמען מיט זיי אָנגעפיהרט דעם קאַמף פאַר פרייהייט אין רוסלאַנד; איך האָב אַזוי געוואָלט, אַז זיי זאָלען בלייבען אין מיין זכרון אַזוי יונג און אַזוי מוטיג, ווי זיי זיינען געווען אין יענער צייט; איך האָב ניט געוואָלט שטעלען קיין מצבה אויף דער פאַרגאַנגענהייט, און דערפאַר האָב איך זיך ניט געוואָלט זעהן מיט די פריהערדיגע חברים.

מיין חבר ספאַנדאָני האָט זיך אַלץ געריסען צו קומען צו מיר, אָבער איך האָב איהם אַלץ אָפּגעהאַלטען, און דער סוף איז געווען — ער איז געשטאָרבען און מיך האָט ער טאַקע ניט געזעהן. באַקאַנטע האָבען מיר דערנאָך דערצעהלט, אַז פאַר'ן טויט האָט ער געזאָגט, אַז ווען ער וואָלט מיך געזעהן נאָך שליסעלבורג, וואָלט ער געהאַט איינע פון די גרעסטע פאַרגעניגענס אין זיין לעבען. אָבער איך בין געווען זיכער, אַז ווען מען לעבט איבער אַזוי פיעל און מען זעהט זיך נאָכדעם ווי מען איז צוואַנציג יאָהר געווען צושיידט, קען מען קיין פאַרגעניגען ניט האָבען.

אַ סך חברים האָבען זיך צו מיר געווענדעט מיט בקשות, איך זאָל זיי ערלויבען צו קומען, אָבער איך האָב זיי ניט ערלויבט. עס

איז מיר אזוי אויך געווען שווער צו לעבען אויף דער וועלט און איך
האָב ניט געקענט נעמען אויף זיך קיין נייע צרות. עס איז מיר
שטענדיג געווען שרעקליך אומעטיג אויפ'ן הארצען און איך האָב
מיט קיינעם ניט געקענט ריידען וועגען דעם.

כאָטש מיינע שוועסטער זיינען געווען מיט מיר, בין איך דאָך
געווען אליין, עלענד און איינזאַם, פאַרשלאָסען אין זיך.

פאַר קריסטמאס איז מיין שוועסטער יעווגעניא אוועקגע־
פאָהרען, און ערב ניי־יאָהר איז צו מיר געקומען מיין אַלטע פריינ־
דין, אלעקסאַנדראַ איוואַנאָוונאַ מאָראָז. ארום עלף אַ זייגער אויף
דער נאַכט איז צום גאַניק צוגעפאָהרען אַ בריטשקע; אַ פרוי,
איינגעהילט אין אַ שווערען פוטער, איז אריין אין פאָדער־שטיבעל
און באַלד האָט זיך דערהערט אַ קלינגענדיגע שטימע:

„וועראָטשקאַ, דו דערקענסט מיך?“

די שטימע איז מיר געווען באַקאַנט, כאָטש איך האָב זי דאָס
לעצטע מאָל געהערט נאָך אין 1878, מיט עטליכע און צוואַנציג
יאָהר צוריק. דאָס פּנים איהרס האָב איך אָבער ניט געקענט זעהן,
ווייל עס איז געווען איינגעהילט אין שאַלען. ערשט ווען זי האָט
פון זיך אַרונטערגעוואָרפען די שווערע ווינטערדיגע קליידער, האָב
איך זי דערקענט — זי, די טייערע סאַשעטשקאַ! *)

אין יענער צייט האָב איך שוין געהאַט געוואוינט אויף אַ נייער
קוואַרטיר. אין דער ערשטער האָב איך מעהר ווי איין מאָנאַט ניט
געקענט פאַרבלייבען; איך האָב גלייך אָנגעהויבען זוכען אַן אַנ־
דערע, און איינמאָל, ווען איך האָב געשפּאַצירט איבער'ן דאָרף, האָב
איך דערזעהן אַ קליין שטיבעלע, אַ נייעס. קיין פענסטער זיינען
נאָך דאָרטען ניט געווען; קיין אויווענס, קיין טהירען און קיין
טרעפּ אויך ניט. איך בין קוים מיט צרות אַרויפגעקראָכען אַהין,
קלעטערענדיג אויף אַ ברעט. דער בעל־הבית און זיין עלטערער זוהן
זיינען געווען פוהרלייט און אין דערזעלבער צייט האָבען זיי אויך
געקענט סטאָלעריי. ווען זיי האָבען דערהערט, אַז איך האָב חשק
צו דינגען דאָס שטיבעל, אויב עס וועט נאָר זיין פאַרטיג אין צייט,
האָבען זיי מיר צוגעזאָגט, אַז אין אַ מאָנאַט אַרום וועל איך זיך
שוין קענען איבערקלייבען אַהין. דערביי האָבען זיי מיר פאַר־

---

*) איך האָב זי נאָך געקענט אין יענער צייט, ווען איהר מיידעל־
שער נאָמען איז געווען קאָרנילאָווא.

שפּראַכען, אַז אַלעס וועט זיין געמאַכט אַזוי גוט, אַז עס וועט זיין אַ פאַרגעניגען דאָרט צו וואוינען; דעם פאַל וועלען זיי אָפּ־פאַרבען אין די ווענט וועלען זיי באַקלעפּען מיט שפּאַליר.

און ווירקליך, פּונקט אין אַ מאָנאַט אַרום, דעם צוואַנציגסטען סעפּטעמבער, איז אַלעס געווען פאַרטיג, און איך האָב אָפּגעמאַכט צו צאָהלען צעהן רובעל אַ חודש ווינטער־צייט און זעקס רובעל — זומער־צייט.

אַ שפּאַס איז אַרויסגעקומען מיט דעם שפּאַליר צו באַקלעפּען די ווענט. דער בעל־הבית האָט מיר געגעבען די פּריווילעגיע אַליין אויסצוקלייבען דעם שעהנסטען שפּאַליר, און אַזוי ווי איך האָב אין טורמע עטליכע און צוואַנציג יאָהר שטענדיג געזעהן גרויע, אָנגעכמורעטע ווענט, איז מיר איינגעפאַלען, אַז איצט וואָלט געווען זעהר גוט, ווען די וועט אין מיין שטיבעל זאָלען זיין ליכטיגע. בין איך אַוועק מיט׳ן בעל־הבית אין אַ קראָם און דאָרטען האָב איך אויסגעקליבען ליכטיגע שפּאַליר מיט רויטע קווייטלאַך און גרינע בלעטלאַך. מעהר ווי אַ שטיקעל פון דעם שפּאַליר האָט מען מיר ניט געוויזען און מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז דאָס וועט זיין זעהר שעהן און דער עיקר — ליכטיג.

ווי גרויס איז אָבער געווען מיין שרעק, ווען מען האָט אויס־געקלעפּט די ווענט און איך האָב דערזעהן אַזוי פיעל רויטע קווייט־לאַך און גרינע בלעטלאַך! עס האָט מיר אַזש אָנגעהויבען שווינד־לען אין די אויגען.

מען האָט דאָן אין שפּאַס געלאַכט פון מיר און איך אַליין האָב אויך געלאַכט.

ווען מיין אַלטע פריינדין אַלעקסאַנדרא איוואַנאָוונא מאָראָז איז צו מיר געקומען אין ניאָנאָקסאַ, בין איך געווען שרעקליך נידער־געשלאָגען און פאַרטרויערט. אַ וואָך פאַר איהר קומען איז מיין שוועסטער יעווגעניא אַוועקגעפאָהרען; איך בין געבליבען איינע אַליין; עפּעס אַזאַ מאָדנע, שווערע בענקעניש האָט ניט אויפגע־הערט צו נאָגען דאָס האַרץ. און ווען איך האָב זיך דערמאָנט, אַז איך בין דאָ, אין דעם קאַלטען, פּראָסטיגען געגענד איינע אַליין, עלענד און איינזאַם, אָהן פריינד און אָהן חברים, איז אויף מיר מיט אַמאָל אַ פּחד אַרויפגעפאַלען.

די ערשטע פיער וואָכען, ווען מיינע שוועסטער זיינען געווען, איז מיר געווען היימליכער. אויב איך האָב נאָר געוואָלט, האָב איך

געהאט מיט וועמען צו ריידען, און ווען עס איז מיר שווער געווען צו ריידען, האָב איך זיך געקענט פארשליסען אין מיין צימער און עפּעס טאָן, אָדער גלאַט אזוי זיצען און טראַכטען. אָבּי אוועקצו־הרג׳ענען די צייט, פלעג איך איבערזעצען פון פראַנצויזיש פאָבר׳ס ארטיקלען וועגען ענטאָמאָלאָגיע; אויסגעשריבען דעם זשורנאַל „קאָסמאָפּאָלים“ און איבערזעצט פון דייטש פּאַנטאָן׳ס עראינערונ־גען וועגען דער רעוואָלוציע פונ׳ם 48טען יאָהר אין בערלין; גע־צייכענט פאר זיך אליין לאַנדקאַרטעס און א ביסעל שפּאַצירט.



יעווגעניא פיגנער

אין דרויסען איז געווען מורא׳דיג קאַלט, די פרעסט האָבען גע־ברענט, אז ס׳איז געווען א רחמנות א הונט ארויסצולאָזען; דער אָטהעם פלעגט אזש ווערען פארכאַפּט פון דער קרירה, און איך האָב ניט געקענט פארשטעהן, ווי אזוי די פרויען פונ׳ם דאָרף טראָגען אזוי געדולדיג אריבער די קעלט און געהן ארום אין גאַס אָהן פעלצען,

בלויז מיט שאַלען אויף די אַקסלען. ערשט שפּעטער האָב איך אויסגעפונען אַז בלויז די מאַנסבילען טראָגען פוטערנע פּעלצען און די פרויען באַגעהען זיך אָהן דעם.

חוץ מיינע אייגענע שוועסטער, זיינען דעם מאָנאַט ביי מיר געוועזען אייניגע געסט. דאָס איז געוועזען פּונקט דאַן, ווען די רוסישע קייסערינע האָט געבאַרען אַ זוהן און לכבוד דעם זיינען אַ סך פּאָ־ליטישע פאַרשיקטע באַפרייט געוואָרען; זיי האָבען זיך אומגע־קעהרט אַהיים פון אַלעקסאַנדראָווסק, קעמי, קאַלי און פון אַנדערע פאַרוואָרפענע געגענדען, און אַזוי ווי זיי האָבען אַלע געוואוסט, אַז איך געפין זיך אין ניאָנאַקסאַ, זיינען זיי געקומען זיך זעהן מיט מיר. צווישען די באַזוכער זיינען געוועזען פאַרשידענערליי קלאַסען מענשען — פּויערים, אַרבייטער, לעהרער, סטודענטען און סטאַטיסטיקער פון אַלע עקען רוסלאַנד.

זיי האָבען אויף מיר אַ זעהר גוטען איינדרוק געמאַכט, ווייל זיי זיינען אַלע געוועזען יונגע, מוטיגע, לעבענסלוסטיגע, גרייט זיך אַריינצוּוואַרפען אין אַ נייעם קאַמפּף; דאָס לעבען אין די קאַלטע, פאַרוואָרפענע געגענדען, וואוהין מען האָט זיי פאַרשיקט, האָט ניט אָפּגעקיהלט זייער שטרעבען צו פרייהייט; פאַר אייניגע איז דאָס נייע לעבען אין די פאַרוואָרפענע געגענדען געוועזען אַ מין שולע און אַ סך פּשוט'ע, ניט־געבילדעטע מענשען האָבען זיך דאָרטען גייס־טיג זעהר פיין ענטוויקעלט.

באַזונדערס שטאַרק איז מיר געפעלען געוואָרען אַ פּויער פון קאַלוגער גובערניע. איך האָב גאָר אַנגעקוואָלען פון דעם ווי ער האָט זיך געהאַלטען און פון דעם ווי ער האָט גערעדט. „אין אונ־זער געגענד, — האָט ער געזאָגט, — זיינען די מענשען פינסטערע, ניט קיין אויפגעקלעהרטע. איידער מען האָט מיך פאַרשיקט, בין איך ניט געוועזען קיין גראַמאַטנער. ערשט דאָ האָב איך דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען דערזעהן ליכט. עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס מען שיקט מיך אָפּ אַהיים אַזוי שנעל; ווען איך וואָלט דאָ געוועזען כאָטש נאָך איין יאָהר, וואָלט איך געוואָרען נאָך מעהר אויפגעקלעהרט און דאַן וואָלט מיר געוועזען גאָר ליכטיג אין די אויגען."

עס איז געוועזען אַזוי אַנגענעם צו הערען ווי פּשוט, איינפאַך און אָפענהערציג דער פּויער רעדט!

און נאך איינער פון די פארשיקטע איז מיר שטארק געפעלען געווארען. דאס איז געווען א „סטארשינא“ פון א דארף, א יונגער־מאן פון א יאהר פינף און דרייסיג. פארשיקט האט מען איהם דערפאר וואס ער האט זיך איינגעריסען מיט די העכערע בעאמטע, באשיצענדיג די אינטערעסען פון די פויערים. א גוטען איינדרוק האבען אויך געמאכט די מאסקווער ארבייטער; זיי זיינען אלע געווען זעהר ערנסטע, אינטעליגענטע מענשען, מיט זייער אינטע־ליגענץ זיינען זיי געשטאנען ניט נידעריגער פון א סך סטודענטען.

די מעהרסטע פון זיי זיינען געווען זעהר לייכט אנגעטאן; און אזוי ווי אין דרויסען איז געווען מורא׳דיג קאלט, האב איך זעהר מורא געהאט, זיי זאלען נאך ניט פארפרארען ווערען איידער זיי וועלען זיך דערשלעפען צום באהן אין ארכאנגעלסק. אייניגע האב איך אנגעבאטען געלט, ווייל איך האב געוואוסט, אז זיי נויטי־גען זיך זעהר שטארק אין דעם. אבער זיי האבען ביי מיר אפילו קיין גראשען נים געוואלט נעמען. אין דער שרעקליכער קעלט האבען זיי זיך אין לייכטע קליידער געשלעפט איבער די פאר־שנעעטע וועגען ביז ארכאנגעלסק. אייניגע זיינען געפאהרען מיט פערד און אנדערע זיינען געגאנגען צו־פוס, ווייל די רעגיערונג האט זיי ניט געוואלט געבען אויף הוצאות.

אין פארלויף פון איין מאנאט צייט זיינען ביי מיר געווען צו גאסט עטליכע צעהנדליג אזעלכע יונגע־לייט. מיין שוועסטער האט זיי מכבד געווען מיט טהע און פארבייסענס; זיי האבען דער־צעהלט פארוואס מען האט זיי פארשיקט און וואס זיי האבען איבערגעלעבט אין די פארווארפענע געגענדען; און דערנאך האבען מיר זיך געזעגענט ווי אלטע גוטע פריינד, און זיי זיינען אוועק צוריק אהיים, אין אלע טהיילען פון דער גרויסער רוסלאנד.

ריידענדיג מיט זיי און קוקענדיג אויף זיי, האב איך ווירקליך געהאט נחת און ווידער אנגעהויבען גלויבען נאך שטארקער אין דער צוקונפט פון אונזער פאטערלאנד.

דערנאך איז מיר געווארען שרעקליך און אומעטיג.

מיינע שוועסטער זיינען אוועקגעפאהרען, קיין פארשיקטע זיי־נען מעהר ניט געקומען, און איך בין געבליבען איינע אליין אין א קאלטען, פארווארפענעם געגענד, זעקס וויארסט פון ווייסען ים. בלויז פון די ווינטען, וואס האבען פון ווייסען ים געבלאזען, האבען די נערוועז געקאנט ווערען אזוי צושרויפט, אז מען האט פון

זינען געקענט ארונטער. ביינאכט איז געווען ניט אויסצוהאלטען פון זיי; א פחד פלעגט פאלען, ווען זיי האבען גענומען בלאזען פון אלע זייטען; די ווענט האבען זיך אזש געטרייסעלט, און עס איז געווען אונמעגליך צו שלאפען; די שויבען פון די פענסטער האבען געבראזגעט, די פארהאנגען זיינען זיך צופלויגען, די סטעליע האט זיך געהוידעט, און עס האט זיך גערארכט, אז אט־אט וועט דער ווינט א ריס טהאן דאס שטיבעל און וועט עס ארײנשארען אין ווייסען ים אריין. ביי איין וואנט איז אין דרויסען געווען צוגעקלאפט א שטיק אייזען, און אלע מאל, ווען דער ווינט האט זיך שטארק צור־יושעט, האט דאס שטיק אייזען געסקריפעט ווי א זעגעל־בוים אויף א שיף, און דאן פלעג איך זיך פארשטעלען שיפען און א ים, וואס רייסט זיך פון די ברעגעס און וויל מיך איינשלינגען.

אין דער צייט פון שטורם־ווינט, איז די קעלט ביי מיר אין שטיבעל געווען אזוי גרויס, אז מען האט געקאנט דערפרארען ווע־רען. בייטאג פלעג איך מוזען אנטאן א פוטערנעם פעלץ און זיך אוועקלעגען אין בעט; און כדי עס זאל מיר זיין ווארעמער, האט די דיענסט אוועקגעשטעלט לעבען מיר א זודיגען סאמאוואר.

האלטען א בוך אין האנט האב איך ניט געקענט; אין אלגע־מיין האב איך גארניט געקאנט טאן, ווייל די קעלט אין שטיבעל איז געווען שרעקליך. דערצו בין איך נאך דאן געווען קראנק און עס איז מיר פשוט געווען שווער אריבערצוטראגען דעם קאלטען קלימאט אין אזא פארווארפענעם געגענד.

וואוהין צו געהן און מיט וועמען א ווארט צו ריידען האב איך ניט געהאט, סיידען מיט דעם ארימען פינף־יעהריגען אינגעלע, וואס פלעגט יעדען פריהמארגען קומען צו מיר בעטען א נדבה. איך פלעג איהם אלע מאל אויפנעמען פאר א גאסט, איהם מכבד געווען מיט טהע און מיט בולקע, און ער האט מיר מיט שטאלץ דערצעהלט, אז ער „האלט אוים די מאמע" דערמיט וואס ער בע־טעלט אין די הייזער.

איינמאל האב איהם געזאגט:

— ווייסטו וואס, אינגעלע, בלייב ביי מיר. צו וואס דארפסטו ארומגעהן בעטלען אין די הייזער? דו האסט דען ליעב צו בעט־לען?

— ניין, — האט דאס אינגעלע געענטפערט.

— נו, דערפאַר זאָג איך דאָך טאַקע: בלייב ביי מיר, וועסטו פאַרשפאָרען צו געהן בעטלען איבער די הייזער. איך וועל דיר אויפנייען אַ רויט העמדעל, דיר קויפען אַ פּאָר שעהנע שטיוועלאַך און דו וועסט האָבען אַלעס, וואָס דו וועסט וועלען.

— דאָס וואָלט געווען גוט — האָט דאָס אינגעלע געענטפערט.

— אָבער וואָס וועט זיין מיט דער מאַמע'ן...

— די מאַמע וועט אַרבייטען און פאַרדינען... באַרעכען אַליין, אַנשטאַט אַרומצוגעהן מיט אַ טאָרבע איבער די הייזער, וועסטו זיין דאָ, ביי מיר. איך וועל מיט דיר לערנען און דערנאָך וועל איך דיך אַריינגעבען אין אַ שקאָלע. בלייב דאָ!

— אָבער וואָס וועט זיין מיט דער מאַמע'ן? — האָט ער אַלץ געהאַלטען אין איין טענה'ן.

— צו וואָס טויג דיר אַ מאַמע? — האָב איך איהם געשטעלט אַ פראַגע.

דאָס קינד האָט אַ ווײלע געשוויגען, דערנאָך האָט ער אויפגעהויבען דאָס קעפּעלע און געענטפערט אַזוי:

— צו וואָס איך דאַרף אַ מאַמע? ווייל ביינאַכט לעגען מיר זיך שלאָפען אין איין בעטעל און מיר נעמען זיך אַרום!

און אַט דער ענטפער האָט אויף מיר געמאַכט אַ גוואַלדיגען איינדרוק און געטראָפען פּונקט דאָרט, וואו ס'האָט מיך וועה געטאָן. ער האָט וועמען אַרומצונעמען; ער האָט אַ מאַמע, וואָס נעמט איהם אַרום; איהם איז גוט, ווייל מען האָט איהם ליעב און מען צערטעלט איהם. מיר אָבער איז ניט גוט, ווייל איך בין עלענד און איינזאַם, און האָב אַפילו ניט מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורײדען. מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז איך האָב ניט קיין צוקונפט און קען ניט האָבען קיין צוקונפט. אַלעס איז אויס און איך אַליין וועל זיך מוטשען אַזוי לאַנג ביז עס וועט פון מיר אויך ווערען אויס.

אין אַזאַ שטימונג האָט מיך אין ניאַנאַקסאַ געטראָפען מיין אַלטע פריינדין אַלעקסאַנדראַ איוואַנאָוונאַ מאַראָז.

אַ קורצע צייט נאָכדעם ווי מען האָט מיך פאַרשיקט אין דעם פאַרוואָרפענעם דאָרף, האָט מיר מיין שוועסטער אָלגאַ, איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט, אַנגעזאָגט אַ טרויעריגע בשורה, וואָס זי האָט פאַר מיר אַ לאַנגע צייט באַהאַלטען.

— ווערּאטשקא, — האָט זי צו מיר געזאָגט, — דיין גוטער חבר יאַנאָוויטש האָט זיך אין יאַקוטסק דערשאָסען. ניט געקענט לעבען מעהר.

ווען איך האָב דאָס דערהערט, בין איך אומגעפאַלען אויף דער ערד און זיך שטאַרק צוואויינט.

— און מאַרטינאָוו, דיין חבר, וואָס איז מיט דיר אין איין צייט געוועזן פאַרשפאַרט אין שליסעלבורגער פעסטונג, האָט זיך אויך דערשאָסען אין יאַקוטסק, — האָט מיר מיין שוועסטער ווייטער געזאָגט, ווי זי וואָלט מיט איין מאָל געוואָלט פטור ווערען פון אַלע שלעכטע בשורות, וואָס זי האָט פאַר מיר געהאַט.

אין די אויגען האָט מיר אָנגעהויבען שווינדלען און איך האָב זיך נאָך שטאַרקער צוואויינט, און מיין שוועסטער האָט ווייטער גערעדט:

— אויך פּאָליוואַנאָוו, וועלכער איז מיט דיר אין איין צייט געוועזן פאַרשפאַרט אין שליסעלבורגער פעסטונג, האָט זיך דער־שאָסען... ניט אין יאַקוטסק, נאָר אין אויסלאַנד. *)

א נידערגעשלאָגענע בין איך געלעגען אויף דער ערד, שטאַרק געבליפּעט און אַלץ געפרעגט איין זאַך:

— פאַרוואָס? צו וואָס?

און שפּעטער, ווען איך בין געבליבען אַליין, האָב איך ווידער אַמאָל איבערגעלעבט דעם גאַנצען פּיין אָן דעם גאַנצען שוידער פון דעם, וואָס מיינע ליעבע חברים זיינען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד נאָכדעם ווי מען האָט זיי אַרויסגעלאָזט פון שליסעלבורגער פעס־טונג. מיר האָט זיך דאָס אין אָנפאַנג ניט געלעגט אויפ'ן שכל: ווי קען דאָס א מענש באַגעהן זעלבסטמאָרד ווען ער איז פריי, ניט פאַרשפאַרט אין קיין טורמע?!

ערשט שפּעטער, ווען איך בין געבליבען אַליין און עלענד, האָב איך אָנגעהויבען צו פאַרשטעהן ווי אַזוי מען קען זיך נעמען דאָס לעבען אַפילו דאַן, ווען מען איז ניט פאַרשפאַרט אין קיין

---

*) נאָך ביז היינטיגען טאָג איז ניט אינגאַנצען קלאָר פאַרוואָס פּאָ־ליוואַנאָוו האָט געמאַכט א סוף צו זיין לעבען דוקא דאַן, ווען ער איז שוין געוועזן אַ פרייער מענש. וואָס מען ווייסט יאָ איז, אַז ער האָט זיך דערשאָסען אין א מאָמענט, ווען מיטגליעדער פון דער „באָיעוואַיאַ אָר־גאַניזאַציע" האָבען מיט אַזעף'ן אָפּגעהאַלטען א זיצונג וועגען נייע טע־ראָריסטישע אָנפאַלען אין רוסלאַנד. — א י ב ע ר ז ע צ ע ר.

טורמע... איך האָב שוין מעהר ניט געפרעגט: „פאַרוואָס?" ווייל ס'איז פאַר מיר געווען קלאָר, אז ווען א מענש פינסטערט אָפּ אזוי פיעל יאהרען אין שליסעלבורגער פעסטונג, איז זיין לעבען אויס־געשפּיעלט, ער קען זיך מעהר צו קיין זאַך ניט צופּאַסען און עס בלייבט פאַר איהם ניט קיין אַנדער אויסוועג ווי זיך אריינצושיסען א קויל אין קאָפּ...

אזא שטימונג האָב איך דאַן געהאַט.

## פיערטער קאפיטעל.

### אויפרעגענדע ידיעות.

אין די ערשטע מאנאטען פונ'ם יאהר 1905, ווען מען האט געפיהלט ווי עס בלאזען פון ערגעץ נייע ווינטען און עס איז געווען קלאר, אז א נייע איבערקערעניש האלט אין קומען, האב איך זיך אין דעם פארוואר־פענעם דארף ניאנאקסא געפיהלט אזוי שלעכט, אז דאס גאנצע לעבען איז מיר געווען נמאס.

ווען איך בין ארויס פון שליסעלבורגער פעס־טונג, האבען מיינע אלטע פריינד מיך באגריסט. זייער מיינונג איז געווען, אז איך וועל באפרייט פון געפענגניש אין א גוטער צייט, ווען די שטימונג אין דער געזעלשאפט איז א געהויבענע און מען ווארט אויף עפעס נייעס.

נאך אין יאהר 1901, ווען מען האט צו אונז אין דער שלי־סעלבורגער פעסטונג געבראכט קארפאוויטש'ן, וועלכער האט גע־שאסען באגאליעפאוו'ן, דעם מיניסטער פון פאלקסבילדונג, האבען מיר אפגענומען א גוטען גרוס וועגען דער רעוואלוציאנערער באווע־גונג אין רוסלאנד. איידער מען האט צו אונז געבראכט קארפא־וויטש'ן זיינען אוועק יאהרען און מיר האבען גארניט געוואוסט וואס ס'קומט פאר אין רוסלאנד, ווייל מען האט קיין נייע ארעס־טאנטען ניט געבראכט. פאר אונז איז קארפאוויטש געווען די ערשטע שוואלב, וואס האט געבראכט עפעס נייעס, דער ערשטער פארטרעטער פון א נייעם דור, וואס איז אויסגעוואקסען נאך אונז. דערפאר האבען מיר זיך אזוי דערפרעהט איבער איהם, דערפאר האבען מיר אזוי געגארט צו הערען, וואס ער האט צו דערצעהלען.

צוקומען צו איהם האבען מיר ניט געקענט, ווייל צוויי יאהר נאכאנאנד האט מען איהם געהאלטען אפגעזונדערט פון אונז; מען האט איהם אפילו ניט ערלויבט צו שפאצירען מיט נאך איינעם פון אונזערע חברים, כדי ער זאל קיינעם גארניט קענען דערצעהלען.

מיר האָבען זיך אָבער דאָך געגעבען אַ עצה און געפונען מיטלען זיך צו פאַרבינדען מיט איהם; קלאַפּענדיג מיט די פינגער אין די ווענט פון זיין קאַמער, האָבען מיר איהם, אויף אונזער אייגענער טורמע־שפּראַך, געשטעלט פראַגען און ער האָט אויסגעקלאַפּט די ענטפערס. פּאַפּיר האָט מען שוין אין יענער צייט געגעבען. האָט קאַרפּאָוויטש געקענט אָנשרייבען אַלעס, וואָס ער האָט געוואוסט וועגען דער סאָציאַליסטישער און רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד און אין אַנדערע לענדער. און קאַרפּאָוויטש האָט ווירקליך געוואוסט זעהר אַ סך; ער האָט אַ שטיק צייט געלעבט אין אויס־לאַנד און איז געווען גוט באַקאַנט מיט די וויכטיגסטע פּאַסירונגען, וואָס זיינען דאָרטען פאָרגעקומען; אַלס אַ סטודענט, וואָס איז אויסגעשלאָסען געוואָרען פונ'ם אוניווערזיטעט דערפאַר, וואָס ער האָט זיך באַטייליגט אין סטודענטישע אומרוהען, האָט ער געוואוסט אַלעס, וואָס אינטערעסירט די שטודירענדע רעוואָלוציאָנערע יונג־וואַרג, און אַלס אַ רעוואָלוציאָנער האָט ער אונז געקענט איבער־געבען אַ סך אינטערעסאַנטע איינצעלהייטען פון דער סאָציאַליס־טישער באַוועגונג אין רוסלאַנד. אַן אומערשעפּליכער קוואַל פון ידיעות איז ער פאַר אונז געווען, קאַרפּאָוויטש; ער האָט קיין זאַך ניט איבערטריבען און מיר האָבען געשלונגען יעדע איינצעלהייט, וואָס ער האָט אונז איבערגעגעבען. אויף דעם שפּאַציר, וואו מ'פלעגט איהם פיהרען איינעם אַליין אונטער אַ וואַך, פלעגט ער שטילערהייט, ווען די זשאַנדאַרען האָבען זיך פאַרקוקט, אריינגראָבען אין דער ערד דאָס באַשריבענע פּאַפּיר. מיר האָבען שוין געוואוסט וואו דאָס צו זוכען. דערנאָך האָט אַ חבר דאָס ארויסגענומען פון דער ערד, איבערגעלייענט און אוועקגעגעבען אַן אַנדערען, און אַזוי איז דאָס שוין געגאַנגען פון האַנט צו האַנט.

אויף אַזאַ אופן האָבען מיר זיך דערוואוסט, אַז אין דער צייט, וואָס מיר זיינען געווען פאַרשפּאַרט אין דער שליסעלבורגער פעס־טונג, איז אין רוסלאַנד אויסגעוואַקסען אַ גרויסע און שטאַרקע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, מיט אַ פעסטען באָדען צווישען דעם אַרבייטער־קלאַס, וואָס איז געשאַפען געוואָרען פאַר דער צייט, וואָס מיר זיינען געווען אינגאַנצען אָפּגעריסען פונ'ם לעבען. פאַר די צוואַנציג יאָהר, וואָס זיינען אַוועק פונ'ם ערשטען מאַרטש, 1881, ביז 1901, האָט די רוסישע אינדוסטריע געמאַכט אַ ריעזיגען שריט פאָראויס; עס האָבען זיך אויסגעבויט אַ סך אייזענבאַהנען, עס

האָבען זיך געעפענט אַהין אַ שיעור פאַבריקען און עס איז אויס־
געוואַקסען אַן אַרמעע פון מיליאָנען אַרבייטער. און דאָס זיינען
ניט געווען קיין פויערים, וואָס מען האָט נאַר־וואָס צוגענומען פון
דער סאָכע, ווי די אַרבייטער אין די זיבעציגער יאָהרען, מיט וועמען
אונזערע פּראָפּאַגאַנדיסטען זיינען געשטאַנען אין נאָהענטער פאַר־
בינדונג; די מעהרסטע פון זיי זיינען שוין געווען אינגאַנצען אָפּ־
געריסען פונ'ם דאָרף, זיינען געבאָרען און ערצויגען געוואָרען אין
שטאָדט און האָבען שוין געהאַט אין זיך די אייגענשאַפטען פון אַן
אייראָפּעאישען אַרבייטער־קלאַס. די באַפעלקערונג אין רוסלאַנד איז
געוואָרען אויפגעקלעהרטער און עס האָט זיך באַוויזען אַ לעזער פון
פאָלק און גלייכצייטיג אויך — אַ רייכע, פּאָפּולערע ליטעראַטור
פאַר'ן פאָלק.

די בורזשואַזיע איז געוואָרען גרעסער אין צאָהל און רייכער
אין קאַפּיטאַל; די פאָדערונגען זיינען געוואָרען גרעסער; עס זיינען
צוגעקומען אַ סך גימנאַזיעס און אוניווערזיטעטען; אַ סך יונגע
מענשען האָבען זיך מיט מעהר חשק אַ נעם געטאָן צום לערנען,
און וואָס גרעסער עס איז געוואָרען די צאָהל פון געבילדעטע און
אויפגעקלעהרטע מענשען, אַלץ גרעסער איז געוואָרען די אומצו־
פריעדענקייט מיט די אַלטע, אָפּגעלעבטע פּאָליטישע און געזעל־
שאַפטליכע פאָרמען אין רוסלאַנד.

די אַרבייטער זיינען געוואָרען קלאַסענבאַוואוסט און אָנגע־
הויבען פאַרשטעהן, אַז זיי זיינען אַ גרויסע מאַכט; אין קאַמף
מיט קאַפּיטאַל פאַר אַ בעסער לעבען, האָבען זיי זיך אָנגעשטויסען
אַן די שטערונגען פון דער פּאָליטישער אָרדנונג. דער עקאָנאָמישער
קאַמף האָט זיי אַריינגעפיהרט אין פּאָליטיק און זיי האָבען אָנגע־
הויבען אַרויסשטעלען פאָדערונגען פאַר בירגערליכער און פּאָלי־
טישער פרייהייט.

די רעוואָלוציאָנערע יונגוואַרג, וועלכע האָט זיך אין אונזער
צייט אַלץ געשפּאַרט צו די פויערים, איז איצטער געגאַנגען האַנט
אין האַנט מיט די אַרבייטער, און אין אַלע גרויסע שטעדט איז
געווען לעבעדיג און עס האָט זיך געקאָכט און געטומעלט. אין דעם
מערב־טייל פון רוסלאַנד איז אויסגעוואַקסען דער „בונד", וואָס
האָט פאַרשפּרייט זיין איינפלוס איבער שטעדט און שטעדטלאַך און
אַריינגעקראָגען טויזענטער מיטגליעדער. אין גאַנץ רוסלאַנד האָט
זיך גערודערט; די באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען אין די

נײנציגער יאָהרען, האָט זיך ברייט צואוואַקסען; די יונגוואַרג און די אַרבייטער אין אַלע גרויסע שטעדט זיינען אַרויס אין גאַס; אומעטום האָבען זיך דערהערט די קלאַנגען פון רעוואָלוציאָנערע לידער און עס האָבען אָנגעהויבען פלאַטערען רויטע פאָהנען...

„אין פינף יאָהר אַרום וועט אין רוסלאַנד אויסברעכען אַ רעוואָלוציע," אַזוי האָט קאַרפּאָוויטש געזאָגט, ווען מען האָט איהם געבראַכט צו אונז, אין דער שליסעלבורגער פעסטונג.

ער האָט נביאות געזאָגט און מיר האָבען דאַרויף אַרויסגעקוקט.

דעם 15טען יולי, 1904, האָט מען מיט אַ באָמבע דער'הרג'עט דעם מיניסטער פלעווע, וועלכער האָט אַ שטיק צייט געהאַלטען גאַנץ רוסלאַנד אין זיינע אייזערנע לאַפּעס. אָבער זיצענדיג אין שליסעל־בורגער פעסטונג, האָבען מיר וועגען דעם ניט געוואוסט, פונקט ווי מיר האָבען ניט געוואוסט ווען עס האָט אויסגעבראָכען די מלחמה צווישען רוסלאַנד און יאַפּאַן.

דורך אַ צופאַל האָבען מיר אויסגעפונען, אַז עס איז אַ מלחמה צווישען רוסלאַנד און יאַפּאַן, און געווען איז דאָס אַזוי: מיר האָבען געקראָגען אַ נומער פון דער ענגלישער וואָכענשריפט „נאַלעדזש", און דאָרטען האָבען מיר איבערגעלעזען אַ נאָטיץ, אַז לעבען וולאַ־דיוואָסטאָק איז אַ גרויסער וואַלפיש אַרויף אויף אַ מינע און איז צו־ריסען געוואָרען אויף שטיקער. אַ מינע! ווי קומט איצט אַ מינע לעבען וולאַדיוואָסטאָק? ניט אַנדערש, נאָר עס איז אַ מלחמה מיט יאַפּאַן!...

דערנאָך האָב איך באַקומען אַ בריעף פון דער היים. אין דעם בריעף האָט מען מיר געשריבען, אַז מיינער אַ קרוב איז אַוועק קיין מאַנדזשוריען אַלס אַ מילעטערישער דאָקטאָר. דאָן איז שוין פאַר אונז געווען קלאָר, אַז עס איז אַ מלחמה צווישען רוסלאַנד און יאַפּאַן.

מיר האָבען זעהר געוואָלט וויסען ווער עס כאַפּט מפּלות, און אַזוי ווי קיין צייטונגען האָבען מיר ניט געהאַט, האָבען מיר זיך געגעבען אַזאַ'ן עצה: מיר האָבען געקוקט אויף די זשאַנדאַרען און אַלע מאָל, ווען מיר האָבען געזעהן, אַז די פּנים'ער זיינען ביי זיי פאַרזאָרגט און אָנגעכמורעט, איז דאָס פאַר אונז געווען דער בעס־טער סימן, אַז די רוסישע אַרמעע כאַפּט מפּלות.

אויף די שפּאַצירען האָבען מיר אָנגעהויבען ריידען וועגען דעם, און ווען די זשאַנדאַרען האָבען דאָס דערהערט, זיינען זיי געוואָרען

אומרוהיג און האָבן גלייך געמעלדעט די העכערע בעאַמטע, אַז מיר ווייסן שוין וועגן דער מלחמה מיט יאַפּאַן. און ווען די אַד־מיניסטראַציע האָט דאָס דערהערט, איז געוואָרן אַ גערודער, ווייל אין שליסעלבורגער פעסטונג האָבן מיר ניט געטאָרט וויסן וואָס עס טוט זיך אויף דער פרייער וועלט. מען האָט פאַר אונז אַלצדינג געהאַלטן בסוד; מיר האָבן אַפילו ניט געטאָרט וויסן ווען עס בייטן זיך מיניסטאָרן אין קאַבינעט און ווען עס ווערן באַ־שטימט נייע בעאַמטע אין פּאָליציי־דעפּאַרטמענט.

כדי אָפּצוּוואַרפן פון זיך דאָס אחריות, האָט דער אויפ־זעהער פון שליסעלבורגער פעסטונג דאַן צוגענומען בריף, וואָס איך האָב באַקומען פון דער היים. דערמיט האָט ער געוואָלט באַווייזן, אַז ניט ער איז שולדיג אין דעם, וואָס מיר האָבן זיך דערוואוּסט וועגן דער מלחמה, נאָר דער פּאָליציי־דע־פּאַרטמענט, וואָס האָט דורכגעלאָזן אַזאַ בריף.

אין יענער צייט בין איך איינמאָל, אַ פּאַרטראַכטע, געזעסן אין מיין קאַמער. מיט אַמאָל דערהער איך ווי מאַראָזאָוו קלאַפּט עפּעס אויס צו מיר דורך דער וואַנט. איך גיי צו און הער ווי ער קלאַפּט אויס אַזעלכע ווערטער:

„מיטצו־כיטאַ וועט אונז באַפרייען“... „מיטצו־כיטאַ וועט אונז באַפרייען.“

אין אָנפאַנג האָב איך ניט פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט. אָבער באַלד האָב איך זיך געכאַפּט, וואָס ס'באַדייטן די ווערטער „מיט־צו־כיטאַ“ און איך האָב זיך פונאַנדערגעלאַכט: ער, דער אָפּטי־מיסט מאַראָזאָוו, איז געווען זיכער, אַז די מלחמה וועט ברענגען דערצו, אַז מען זאָל אונז באַפרייען, ווייל דער יאַפּאַנעזישער מי־קאַדאָ וועט אַרויס דער זיגער.

ווען מען האָט מיך אַרויסגעלאָזט פון שליסעלבורגער פעסטונג און פאַרשפאַרט אין דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער, זיינען מיינע שוועס־טער און ברידער געקומען מיך באַזוכן. דאַן האָב איך ביי זיי געוואָלט אויסגעפינען וואָס ס'הערט זיך אין רוסלאַנד און ווי די באַפעלקערונג איז געשטימט. איך האָב זיי געשטעלט אייניגע פראַגען, און פון די ענטפערס איז אויסגעקומען, אַז מען קען ניט ערוואַרטן קיין איבערקערעניש; זיי האָבן מיר דערצעהלט, אַז אין רוסלאַנד איז איצט שטיל און רוהיג, אַז עס האַלט נאָך ווייט פון אַ קאָנסטיטוציע און אַז די אַמנעסטיע, וואָס מען האָט גע־

געבען א דאנק דעם, וואס די קיסר׳ינע האט געבארען א זוהן, באַ־ציהט זיך ניט אויף די, וואס זיינען פארשפארט אין שליסעלבורגער פעסטונג.

ביים ערשטען וויזיט, וואס מיינע שוועסטער און ברידער האבען מיר געמאכט אין פעטראפאוולאווסקער פעסטונג, זיינען קיין זשאנדארען ניט געווען. מיר זיינען געזעסען אין איינעם פון די צימערען, וואו עס האט געוואוינט דער אויפזעהער ווערטאוקין, אז אפיצער, וואס האט אמאל געלערנט אין אקאדעמיע מיט מיין חבר פאכיטאנאוו, וועלכער איז ארונטער פון זינען אין שליסעלבורגער פעסטונג, און אויך צוזאמען מיט מיין חבר ראגאטשאוו׳ן, וועמען מען האט באשטראפט מיט׳ן טויט. אויפ׳ן טיש איז שוין פאר אונז געווען צוגעגרייט טהעע און איינגעמאכטס. מיר האבען געקענט זיצען ווי ביי זיך אין דער היים און ריידען אזוי לאנג ווי מיר ווילען און וואס מיר ווילען. אבער ווען איך האב דערזעהן, אז אין דעם קליינעם צימער זיינען פאראן דריי טירען, בין איך געווארען אומ־רוהיג, ווייל מיר האט זיך אלץ אויסגעוויזען, אז אימיצער הערט זיך אונטער. אלע מאל בין איך צוגעלאפען צו אן אנדער טיר און זי געעפענט, — געמיינט, אז אט־אט וועל איך דארטען געפינען א שפיאן. אבער איך האב דארטען קיינעם ניט געפונען און מיינע שוועסטער און ברידער האבען געלאכט פון מיר.

ריידענדיג מיט זיי וועגען דער איצטיגער לאגע אין רוסלאנד, האב איך זעהר געוואלט, אז זיי זאלען באשטעטיגען דאס, וואס קארפאוויטש האט נביאות געזאגט. אבער פון זייערע רייד איז אויסגעקומען, אז עס האלט נאך זעהר ווייט פון א רעוואלוציע. דאס איז געווען דערפאר, וואס זיי זיינען געשטאנען ווייט פון דער רעוואלוציאנערער באוועגונג און האבען ניט געוואוסט וואס עס קומט פאר אין די קעמפענדע רייהען.

בלויז איינמאל האט זיך איינער פון מיינע קרובים ארויסגע־כאפט מיט אזא באמערקונג:

— איהר קענט זיך קוים פארשטעלען ווי די רעוואלוציא־נערע באוועגונג האט זיך צוואוקסען; דארט, וואו עס זיינען פריהער געווען איינצעלנע און צעהנדליגער, זיינען איצט פאראן הונטערטער און טויזענטער. די שטודירענדע יוגענד און די אר־בייטער אין אלע שטעדט און שטעדטלאך זיינען אויפגערעגט. אומע־טום קומען פאר סטרייקס און דעמאנסטראציעס. איינער פון די

פּראָקוראָרען, וואָס האָט געפיהרט די קלאָגע געגען רעוואָלוציאָנערען און פאַרנומען דעם אַמט פון גובערנאַטאָר אין אופאַ, איז דער־הרג'עט געוואָרען דערפאַר, וואָס ער האָט פאַרפאָלגט די אַרבייטער, און דער אנגעזעהענסטער רעוואָלוציאָנער טוער איז איצט גער־שוני.

דעם נאָמען גערשוני, וואָס איך האָב דאָן דאָס ערשטע מאָל געהערט, האָב איך געפונען אויסגעקריצט אויף דעם אייזערנעם טישעל אין מיין קאַמער, און דאַן בין איך געוואָהר געוואָרען, אַז ער איז איינמאָל געווען פאַרשפּאַרט אין שליסעלבורגער פעסטונג און מיר האָבען וועגען דעם ניט געוואוסט; מען האָט איהם גע־האַלטען ווייט פון אונז, אין דער אַלטער היסטאָרישער טורמע.

אָט די שנעל־אַנגעכאַפּטע ידיעות האָב איך אויסגעפונען נאָך אין פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג. מעהר האָט מען מיר גאָרניט דערצעהלט. ערשט ווען איך בין געקומען קיין אַרכאַנגעלסק און דערנאָך אינ'ם דאָרף ניאָנאָקסאַ, האָב איך זיך דערוואוסט נאָך און נאָך זאַכען וועגען דער לאַגע אין רוסלאַנד. פון די אַלע זאַכען, וואָס איך האָב געהערט אין אַרכאַנגעלסק וועגען די פּאָליטישע פאַרשיק־טע, פון דעם אופן ווי זיי האָבען זיך באַצויגען צו מיר און פון דעם זעלטענעם מוט, וואָס זיי האָבען אַרויסגעוויזען, אומקערענדיג זיך צוריק קיין רוסלאַנד — פון דעם אַלעם איז געווען קלאָר, אַז אין לאַנד בלאָזען נייע ווינטען און אַז די באַפעלקערונג איז צור־רודערט. מען האָט געזעהן, אַז פון אומעטום רייסען זיך כחות, אַז פון אומעטום שפּאַרען זיך שטורמדיגע כוואַליעס, אָבער זיי זיינען דערווייל נאָך צוואָוואָרפען און עס איז נימאָ ווער עס זאָל זיי פאַר־איינינגען.

נאָך פון דער אַרכאַנגעלסקער טורמע האָב איך אין אַ בריעף צו מיינע שוועסטער געשריבען, אַז רוסלאַנד שטעלט זיך מיר איצט פאָר ווי אַ מין גרויסער יונגער ריעז, וואָס איז אַרויסגעוואַקסען פון די קליידער; אַלעם איז ענג אויף איהם און ווען ער גיט נאָר אַ הויב אַ האַנד, אָדער אַ דרעהע מיט די אַקסלען, צורייסט זיך ערגעץ אַ נאָט און אַלעם פּלאַצט אויף איהם. די מלחמה מיט יאַפּאַן האָט נאָך שטאַרקער געמאַכט די אומצופריעדענקייט, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמעלט אין פאַרלויף פון צעהנדליגער יאָהרען. פון אַלע זייטען זיינען אָנגעקומען ידיעות ווי די רוסישע אַרמעע כאַפּט מפּלות אויף אַלע פראָנטען; גאַנץ רוסלאַנד איז געווען אויפגע־

בראכט; מען האט געוואוסט, אז די ארמעע ווייזט ארוים העל־דישקייט, אבער זי קען גאר ניט אויפטאן, ווייל מען שטעלט ניט צו גענוג געוועהר; מען באזארגט ניט די סאלדאטען מיט גענוג עסענ־ווארג; די קאמאנדירען זיינען טויגעניכטסען און אומעטום האלטען זיך אין איין מעהרען כאבארניקעס און הויט־שינדער.

פון סאמע אנפאנג אן איז די באפעלקערונג געווען געגען דער מלחמה. דאן האט פלעווע זיך ערלויבט צו זאגען, אז דער גרויסער רוסלאנד וועט ניט שאדען, אויב מען וועט איהר אפצאפען א ביסעל בלוט, און עס איז אויסגעקומען אזוי, אז פון איין זייט איז גע־שטאנען די רעגיערונג און פון דער אנדערער זייט — דער רוסישער סאלדאט און דאס גאנצע רוסישע פאלק. די טרויעריגע ידיעות פון די שלאכטען אויפ'ן ים און אויף דער יבשה, די אפענע דעמאנ־סטראציעס אין גאס, די טעראריסטישע אנפאלען, די מאניפעסטען פון דער רעגיערונג, וועלכע איז שטענדיג געווען אין דער מורא און געציטערט פאר אן אויפשטאנד — אט די אלע זאכען האבען ביי אלעמען שטייף אנגעצויגען די נערווען, און אין דער לופט האט זיך געפיהלט, אז עפעס נייעס האלט אין קומען.

די ערשטע טעג אין נאוועמבער איז אין פעטערבורג פארגע־קומען א צוזאמענפאהר פון געזעלשאפטליכע טוער, און דארטען האט מען געזאלט אויסארבייטען א גאנצע רייהע פונדאמענטאלע פאדערונגען צו דער רעגיערונג. אן ערלויבניש אפצוהאלטען אזא קאנפערענץ איז געגעבען געווארען, און דאס האט געהייסען, אז די רעגיערונג גיט איהר הסכמה, אז פארטרעטער פונ'ם פאלק זאלען האבען דאס רעכט זיך צונויפצוקומען און שאפען געזעצען. צו דער קאנפערענץ האט מען פון אלע עקען אין רוסלאנד צוגעשיקט טע־לעגראמען און באגריסונגען. אויך פון ארכאנגעלסק האבען די פא־ליטישע פארשיקטע צוגעשיקט א באגריסונג, און דעם 12טען דע־צעמבער, נאך דער קאנפערענץ, האט די רעגיערונג ארויסגעלאזט אן „אוקאז" מיט א פארשפרעכונג איינצופיהרען רעפארמען אין לאנד.

דעם 9טען יאנואר, 1905, זיינען די ארבייטער אין פעטער־בורג ארויס אין גאס און זיך אוועקגעלאזט צום צאר מיט א פא־דערונג פאר פאליטישע פרייהייט. און ווען מען האט זיי באגעגענט מיט א האגעל פון קוילען און דערטרונקען זייערע פאדערונגען אין א טייך בלוט, איז גאנץ רוסלאנד אויפגעציטערט געווארען.

אין יענער צייט האָט מיין שוועסטער אָלגאַ אין איהרע בריעף צו מיר באַשריבען אַלעס, וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין פעטערבורג; זי האָט מיר אויך צוגעשיקט אַ פאָטאָגראַפישע בילד פון גאַפאָנ'ען, אנגעטאָן אין גלח'ישע קליידער. און ווען איך האָב געלעזען די בריעף און געקוקט אויף דער בילד, האָט מיר אַזוי באַנג געטאָן פאַרוואָס איך האָב דאַן אויך ניט געקענט זיין אויף די גאַסען פון פעטערבורג.

אַ לאַנגע צייט בין איך געווען אונטער'ן איינדרוק פון דער גרויסער געשעהעניש אין פעטערבורג. און שפּעטער, ווען די פירסטין מאַריאַ מיכאַילאָוונאַ דאָנדוקאָווא־קאָרסאַקאָווא איז געקומען צו מיר, האָב איך זיך מיט איהר צורעדט וועגען דעם, און דערביי האָב איך געזאָגט: „ווען איך וואָלט דאַמאָלט געווען אין פעטער־בורג, וואָלט איך געשטאַנען אין איין רייהע מיט גאַפאָנ'ען." — „ניין, — האָט זי מיר געענטפערט, — איהר וואָלט מיט איהם אין איין רייהע ניט געשטאַנען." — „פאַרוואָס דענקט איהר אַזוי?" — האָב איך געפרעגט. — „דערפאַר, וואָס איהר זייט אַן אויפריכ־טיגער מענש און גאַפאָן איז אַ ליגנער און האָט ליעב כבוד," — האָט די פירסטין געענטפערט.

מיר האָט דאָס שטאַרק פאַרדראָסען פאַרוואָס זי האָט וועגען גאַפאָנ'ען אַזאַ שלעכטע מיינונג און איך האָב זי געפרעגט וואָס זי האָט צו איהם. דאַן האָט זי מיר דערצעהלט, אַז זי קען איהם זעהר גוט; אין דעם ליטווישען שלאָס, וואוהין זי פלעגט קומען באַזוכען די אַרעסטאַנטען, איז גאַפאָן געווען דער גלח אין קלויסטער און, לויט איהר מיינונג, איז ער ניט געווען גענוג פרום און האָט שטאַרק פאַרנאַכלעסיגט זיינע פליכטען אַלס גייסטליכער. קיין אַנדערע פאַקטען געגען איהם האָט זי ניט געקענט אָנגעבען, בין איך מיר געבליבען ביי מיין מיינונג, אַז גאַפאָן איז אַן אויסערגעוועהנליכער מענש, וואָס האָט אין זיך אַ זעלטענע פעהיגקייט צו באַגייסטערען און מיטשלעפּען אַ מאַסע.

זיין שפּעטערדיגע אויפפיהרונג, זיין פּאָליטישע ניט אויסגע־האַלטענקייט און אויך דער פאַקט, וואָס ער האָט דערנאָך פאַררא־טען די באַוועגונג, בייטען דאָך ניט די מיינונג, אַז ער איז דאָך געווען אַ זעלטענער מענש.

דעם 4טען פעברואַר איז אין מאָסקווא פאָרגעקומען אַ טעראָ־ריסטישער אַקט, וואָס האָט געצויגען גרויס אויפמערקזאַמקייט —

די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען האָבען מיט אַ באַמבע צוריסען אויף שטיקער דעם גרויספירסט סערגעי אַלעקסאַנדראָוויטש.

דעם 18טען פעברואַר איז אַרויס אַ מאַניפעסט וועגען אַ רעפאָרמע אין דער מלוכה־אָרדנונג.

דעם 16טען אַפּריל — אַן „אוקאַז" וועגען גלויבענס־פרייהייט.

און איך געדענק נאָך אַזוי ווי היינט, ווי איינמאָל, ווען איך בין צוזאַמען מיט מיין פריינדין אַלעקסאַנדראַ איוואַנאָוונאַ מאָראָז געזעסען ביים פענסטער אין קליינעם שטיבעלע און געלעזען דעם „אוקאַז" וועגען גלויבענס־פרייהייט, איז זי געוואָרען מלא גדולה און אויסגעשריגען מיט פרייד:

— איך גיה שוין אָננעמען דעם לוטעראַנישען גלויבען!

— און איך אויך! — האָב איך זיך אָנגערופען, און מיר האָבעןביידע געלאַכט פון זיך אַליין ווי גייציג מיר זיינען אַראָפּצוּוואַרפען פון זיך די משא פון דעם הערשענדען פּראַוואָסלאַווענעם גלויבען.

— ווייסטו גאָר וואָס, — בין איך געפאַלען אויף אַ נייעם געדאַנק, — לאָמיר טאָן דאָס זעלבע, וואָס דער הייליגער וולאַדימיר — אויספּרואווען אַלע גלויבענס און דערנאָך באַשליסען צו וועלכען גלויבען מיר זאָלען צושטעהן.

מיר האָבען אָנגעהויבען אויסרעכענען אַלערליי גלויבענס אין דער וועלט, אָבער מיר האָבען אין קיין איינעם פון זיי פאַר זיך קיין אָרט ניט געפונען.

— אפשר וואָלטען מיר גאָר געוואָרען „שטונדיסטען"? — האָב איך געמאַכט אַ פאָרשלאָג.

— ניין, דאָס טויג אויך ניט פאַר אונז, — האָט מיין פריינדין געענטפערט.

עס איז אויסגעקומען אַזוי, אַז מיר קענען פאַר זיך קיין אָרט ניט געפינען אין קיין רעליגיאָן, און מיר זיינען געקומען צום באַשלוס, אַז מיר, אינטעליגענטען, זיינען אַוועק זעהר וויט, און דאָס איינציגע, וואָס מיר קענען טאָן אין אַזאַ פאַל, איז — בלייבען אין דער רעליגיאָן, צו וועלכער מען האָט אונז צוגעשריבען.

יעדען טאָג האָבען די צייטונגען געבראַכט אַן אַנדער וויכטיגע ידיעה פון'ם וויייטען מזרח און אויך פון דער אינערליכער פּאָליטיק אין רוסלאַנד גופא.

און פּונקט דאַן, ווען רוסלאַנד איז געשטאַנען אויף דער שוועל

פון אזעלכע וויכטיגע פאסירונגען; פונקט דאן, ווען עס האט גע־
האלטען דערביי, אז עס זאל ענטשיידעט ווערען דער שיקזאל פון
אונזער פאטערלאנד, בין איך געווען פארוואָרפען אין א ווילדען,
פוסטען געגענד, וואו אלעס ארום און ארום איז געווען שטיל און
טויט — א געגענד, וואוהין עס האט זיך ניט געקענט דערשלאָגען
אפילו דאס ווידער־קול פון דעם, וואס ס'קומט פאר אין די גרויסע
שטעדט פון רוסלאנד...

# פינפטער קאפּיטעל.

## די פירסטין מאַריאַ מיכאַילאָוונאַ דאָנדוקאָווא־קאָרסאַקאָווא.

דעם 22טען יאַנואַר איז צו מיר, אין דעם ווייטען פאַר־וואָרפענעם דאָרף ניאָנאָקסאַ, אין אַרכאַנגעלסקער גובערניע, געקומען די אַלטיטשקע רוסישע פירסטין מאַריאַ מיכאַילאָוונאַ דאָדוקאָווא־קאָרסאַקאָווא. אַזש פון פעטערבורג האָט זי זיך געשלעפּט אַזאַ ווייטען וועג, כדי צו האָבען אַ מעגליכקייט מיך צו באַרוהיגען און מיר זאָגען אַ טרייסטוואָרט.

דער אָנפאַנג פון מיין באַקאַנטשאַפט מיט איהר איז געווען נאָך אין שליסעלבורגער פעסטונג, און די גאַנצע געשיכטע, ווי אַזוי זי האָט זיך צוגעשלאָגען צו אונז און ווי אַזוי זי איז מיט מיר באַ־פריינדעט געוואָרען, איז זעהר אינטערעסאַנט.*)

נאָכדעם ווי איך בין אַרויס פון שליסעלבורג, האָט מיך מאַריאַ מיכאַילאָוונאַ באַזוכט אין פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג, און דער־נאָך האָבען מיר זיך די גאַנצע צייט געשריבען בריעף איינע דער אַנדערער, און אין די בריעף צו מיר האָט זי ניט איין מאָל אויסגע־דריקט דעם וואונש צו קומען אין דעם פאַרוואָרפענעם דאָרף ניאָ־נאָקסאַ, זיך זעהן מיט מיר.

איך בין געווען גענגען דעם, ווייל עס איז ביי מיר גאָר קיין צווייפעל ניט געווען, אַז פאַר איהר, פאַר דער 76־יעהריגער זקנה, וועט זיין שווער צו פאָהרען מיט'ן באַהן אַזאַ ווייטען וועג ווי פון פּעטערבורג קיין אַרכאַנגעלסק און דערנאָך ערשט זיך שלעפּען מיט פערד 70 ווערסט קיין ניאָנאָקסאַ. און גלאַט — ווי וועט זי קענען זיין ביי מיר אין דעם קליינעם שטיבעלע, וואו דער ווינט בלאָזט פון אַלע זייטען און די ווענט האַלטען זיך אין איין טרייסלען?!

*) וועגען דעם האָט איך שוין גערעדט אין אַ באַזונדער קאַפּיטעל, אינ'ם צווייטען באַנד פון מיינע מעמואַרען. — וו. פּ.

עס האט מיר אבער גארניט געהאלפען, און דעם 22טען יאנו־אר, 1905, איז זי דאך געקומען צו מיר אין דעם וויטען, פארוואר־פענעם דארף, אין ארכאנגעלסקער גובערניע.

איידער זי איז געקומען צו מיר, האט זי זיך אפגעשטעלט ביים גובערנאטארס ווייב אין ארכאנגעלסק, און יענע האט זי אויפגע־נומען מיט גרויס פאראד, פונקט אזוי ווי מען פלעגט אמאל אויפ־נעמען די פרויען פון די „דעקאבריסטען", ווען זיי זיינען געקומען צו זייערע מענער אין סיביר.

אכט אזייגער אויף דער נאכט איז מאריא מיכאילאוונא אנ־געקומען צו מיר, און ווען איך האב זי דערזעהן, האב איך מיינע אייגענע אויגען ניט געגלויבט; זי איז געווען אזוי פריש און מונ־טער, גלייך ווי זי וואלט בלויז א קורצע, זעהר קורצע, רייזע גע־מאכט. פונדעסטוועגען האט זי מיר באלד דערצעהלט, אז פאר'ן אוועקפאהרען האט זי געבעטען איהרע קרובים, אז אויב זי וועט ביי מיר שטארבען, זאל מען זי באערדיגען אינ'ם פארווארפענעם דארף און ניט פיהרען איהר טויטען קערפער קיין פעטערבורג...

ווען איך האב דאס דערהערט, איז אויף מיר א פחד געפאלען; די נערוון זיינען ביי מיר געווען צורודערט, איך האב זיך אליין שטארק געניוטיגט אין רוה, מען האט אויף מיר אליין געדארפט אכטונג געבען און מיך צוזעהן, און — אט קומט גאר צו מיר א מענש, וואס ריכט זיך אויפ'ן טויט!

צום גליק אבער איז די שרעק געווען אומזיסט; די גאנצע צייט וואס מאריא מיכאילאוונא האט מיט מיר פארבראכט אין ניאנאקסא, איז זי געווען פריש און געזונט און פול מיט ענערגיע. אפילו א יונגער, געזונטער מענש האט איהר געמעגט מקנא זיין.

צוויי שטונדען נאכדעם ווי זי איז געקומען צו פאהרען, דער זייגער האט שוין געהאלטען צעהן ביינאכט, האט זי זיך ערשט אוועקגעזעצט לעזען די הייליגע שריפטען; זיעבען אזייגער אין דער פריה איז זי אויפגעשטאנען און נאך איידער זי האט אויסגעטרונ־קען א גלאז טהע, איז זי אוועק אין קלויסטער; דארטען האט זי תפילה געטאן צו גאט, זיך באקענט מיט'ן גלח, און אין פארלויף פון זעקס וואכען צייט האט זי קיין איין טאג ניט פארפעהלט צו געהן אין קלויסטער.

אין יענער צייט האב איך געקראגען א סך בריעף פון פא־ליטישע פארשיקטע; איך האב די אלע בריעף פארגעלעזען פאר

דער פירסטין מאַריאַ מיכאַילאָוונאַ און זי האָט זיך אויף יעדען איינעם פון זיי אָבגערופען מיט איהר ווארים הארץ. איין בריעף איז געווען פונ׳ם ווייטען צפון, פון עפּיס אַ דערפיל, וואָס געפינט זיך ווייט, אויף דעם קאָלסקער האַלבען־אינזעל. דער שרייבער פון דעם בריעף האָט געשילדערט ווי שווער עס איז צו לעבען דאָר־טען, אין דעם פּאַרוואָרפענעם געגענד, וואו עס געפינען זיך אַ סך בערען, און וואו מען קען אפילו ניט קריגען קיין בוך צו לייענען.

— ווייסט איהר גאָר וואָס — האָט זיך מאַריאַ מיכאַילאָוונאַ אָנגערופען נאָכדעם ווי זי האָט אויסגעהערט דעם בריעף, — אפשר וואָלט איך גאָר צוגעפאָהרען אַהין? מעגליך, אַז עס וועט זיך מיר איינגעבען צו פאַרלייכטערען דאָס לעבען פון די אומגליקליכע מענ־שען, וואָס זיינען פאַרשיקט געוואָרען אַהין!

די גוטע, טייערע מאַריאַ מיכאַילאָוונאַ! אויף אַלעס איז זי געווען גרייט! פאַר קיין שטערונג האָט זי זיך ניט אָבגעשטעלט!

איינמאָל האָב איך איהר דערצעהלט וועגען דער לאַגע פון די פּאָליטישע פאַרשיקטע און אויך פון די קרימינעלע פאַרברעכער, וואָס שלעפּען זיך מיט׳ן עטאַפּ, אַפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע, און לעגען זיך אַוועק אָפּרוהען אין אַ פּויערשע שטיבעלע, וואו מען קען זיך אפילו מיט קיין גלעזעל טהע ניט אָנוואַרימען... און ווען זי האָט דאָס דערהערט, האָט זי זיך אָנגעהויבען קאָכען און ער־גערען.

— דאָס טאָר מען ניט דערלאָזען! איך בין זיכער, אַז אין פּעטערבורג ווייסט מען ניט וועגען דעם. און ווען מען וועט זיך דאָס דערוויסען, וועט ווערען אַ טומעל און מען וועט מאַכען אַ סוף דערצו. איך וועל אָנשרייבען אַ בריעף צו מיינע פריינד אינ׳ם רעגירונגס־ראַט און וועל אויך בעטען דעם מיטראָפּאָליט אַנטאָני, ער זאָל עפּיס טאָן וועגען דעם.

און כאָטש זי איז געווען אַזוי אַלט און שוואַך און זיך גע־מוזט קרעפטיגען אַלע צוויי שטונדען מיט אַ גלאָז מילך, מיט אַ פּלעצעלע, אָדער מיט אַן איי, האָט זי דאָך געפונען צייט, צווישען איין תפילה און דער אַנדערער, צו קלאַפּען אין אַלע טירען און פונ־אַנדערשיקען בריעף צו אַהן אַ שיעור הויכגעשטעלטע פּערזאָנען, אַז זיי זאָלען האָבען גאָט אין הארצען און זעהן עפּיס טאָן פאַר די אומגליקליכע מענשען, וואָס ווערען געשלעפּט מיט׳ן עטאַפּ מייל[ען] און מיילען.

מיט בריעף און רייד האט זי זיך ניט באנוגענט; זי האט אליין געגעבען געלד און גע'פועל'ט ביי דער גלח'טע, אז זי זאל אנפאיען מיט טהע און געבען עסען די אלע מענשען, וואס שטעלען זיך אפ אין ניזאנאקסא, אויפ'ן וועג צו די ווייטערע געגענדען, וואוהין זיי ווערען פארשיקט.

זי האט געפלאנעוועט צו גרינדען א סך טהע־הייזער און אכסניות פאר די פארשיקטע, וואס מען שלעפט ארום איבער אלע דערפער. אבער די פאליציי איז אויך ניט געשלאפען, און אין דער זעלבער צייט וואס זי, די גוטע, נאאיווע פירסטין, האט געטרוימט וועגען טובות פאר די פארשיקטע, האט מען שוין אנגענומען מיט־לען געגען דעם.

און איינמאל, ווען מען האט געבראכט צו אונז אינ'ם פאר־ווארפענעם דארף א סך פארשיקטע, וואס מען האט באלד געדארפט אוועקפיהרען ווייטער. און די גלח'טע איז זיי ארויסגעקומען אנט־קעגען מיט בולקעס און טהע, האט די פאליציי זי פארטריבען און זי נאך גוט אויסגעזידעלט.

מעהר האט מען זיי שוין אזוי ניט אויפגענומען. און מען האט געדארפט זעהן ווי די פירסטין מאריא מיכאילאוונא האט זיך איבער דעם געערגערט! זי האט איינפאך איינגעלעגט די וועלט און בשום אופן ניט געקענט פארשטעהן ווי אזוי מען קען זיין אזוי ברוטאל און קוקען ווי אויף א פארברעכען דארויף וואס מען דער־בארימט זיך אויף הונגעריגע מענשען און מען גיט זיי עסען און טרינקען! און ווער פארוועהרט דאס? דער זעלבער פריסטאוו, וועלכער שטעהט פאר איהר אויסגעצויגען ווי א סטרונע און רופט זי „אייער מאיעסטעט“!

אליין אן אמת'ע קריסטין, וואס האלט פון דעם כלל, אז א מענש טאר זיך ניט שטעלען אנטקעגען ווען מען טוט איהם שלעכטס, האט זי זיך דאך געבייזערט אויפ'ן פריסטאוו, און כאטש זי האט ניט ליעב געהאט אונטערצושטרייכען דעם פאקט, אז זי איז א פירסטין, האט זי דאס מאל געפונען פאר נייטיג צו דערמאנען דעם פריסטאוו, אז מיט איהר דארף ער וויסען ווי זיך צו באגעהן, אז זי מוז ער פאלגען, ווייל זי איז א מענש מיט א גרויסען טיטול און שטאמט פון די גאר „הויכע פענסטער“...

עס האט איהר אבער גאר ניט געהאלפען, ווייל כאטש די הויכע רעגירונגס־באאמטע אין פעטערבורג האבען זיך צו איהר בא־

צויגען מיט גרויס דרך ארץ, כאטש איהר ברודער איז געווען שני למלך אין קאווקאז, האט מען זי דאך ניט געלאזט פארלייכטערען דאס לעבען פון די פאליטישע פארשיקטע.

איך אליין — ווי איך האב שוין איין מאל דערצעהלט — בין געווען זעהר פארזיכטיג און זיך קיינמאל ניט ארייגעלאזט מיט איהר אין קיין געשפרעך וועגען רעליגיאן און געטליכקייט. אבער מיין פריינדין, אלעקסאנדרא איוואנאוונא מאראז, האט ניט געקענט זיין אזוי פארזיכטיג ווי איך; זי האט זיך מיט דער פירסטין יא ארייגעלאזט אין אזעלכע געשפרעכען, און דאן פלעגט ווערען א היציגע דעבאטע. אויסער די פארשידענערליי דאגמאטישע פונקטען, האט מען מעהרסטענטיילס דעבאטירט וועגען דעם צי מען מעג זיך באנוצען מיט גוואלד־מיטלען אלס א פראטעסט געגען שלעכטס. מאריא מיכאילאוונא איז, פארשטעהט זיך, געווען געגען דעם, און מיין פריינדין אלעקסאנדרא איוואנאוונא איז געווען פאר דעם, און דערביי האט זי אנגעגעבען זעהר קלוגע ארגומענטען און ארויסגעוויזען א סך שארפזין.

זיי זיינען ביידע געווען זעהר קלוג. און איך בין זיך מודה ומתודה, אז עס איז מיר געווען זעהר אנגענעם זיך צוצוהערען צו זייערע דעבאטעס און אליין זיך ניט ארייגמישען, ווי עס פאסט, געוועהנליך, פאר א גאסטפריינדליכער באלעבאסטע. מעהרסטענטיילס האבען זיך די דעבאטעס געענדיגט זעהר קאמיש, ווייל מאריא מיכאילאוונא פלעגט אלעמאל ווערען מיעד און צוטומעלט און דאן פלעגט זי פארגלאצען די אויגען און זאגען אזוי: „איין זאך בעט איך ביי דיר, גרויסער גאט, ווייז מיר אן ווען צו ריידען און ווען צו שווייגען"... און זאגען פלעגט זי דאס אזוי שעהן און מיט אזא ליעבליכען שמייכעל, אז עס האט זיך אזש געגלוסט זי א קוש צו טאן דערפאר.

פון דעם וואס איך האב זיך מיט איהר קיינמאל ניט געשפארט וועגען רעליגיאן, האט זי געדרונגען, אז איך שטים איין מיט איהר, און ווען זי איז געקומען צוריק קיין פעטערבורג, האט זי געזאגט, אז ווען ניט מיין פריינדין אלעקסאנדרא איוואנאוונא מאראז, וואלט זי מיך זיכער געמאכט פאר א פרומער קריסטין...

זי האט זיך, א פנים, אין מיר שטארק גענארט און זיך פארגעשטעלט אונמעגליכע זאכען; אויף דעם גרונד פון מיין טאלערראנטער באציהונג צו איהרע מיינונגען, האט זי געמיינט, אז זי

איז שוין מיט מיר פארטיג, און ווען מיין ברודער ניקאלאי ניקא־לאיעוויטש פיגנער איז געקומען אין פאליציי־דעפארטמענט בע־טען מען זאל מיר ערלויבען ארויסנעמען א פאספארט אוועקצו־פאהרען קיין אויסלאנד, האט מען דארטען אויף איהם מויל און אויערען אויפגעשטעלט, און איינער פון די באאמטע האט איהם געשטעלט אזא פראגע:

— א פאספארט גאר צו פאהרען קיין אויסלאנד? וואס הייסט דאס? די פירסטין מאריא מיכאילאוונא האט דאך גאר דערצעהלט, אז אייער שוועסטער וויל אריין אין א מאנאסטיר און ווערען א נאנע!...

ווען מיין ברודער האט דאס דערהערט, איז ער געבליבען שטעהן א צוטומעלטער. ער האט זיינע אייגענע אויערען ניט גע־גלויבט.

עס איז קלאר, אז ניט דער איינפאכער חשק מיך צו זעהן האט געטריבען די פירסטין מאריא מיכאילאוונא צו מאכען אזא וויטע רייזע און זיך שלעפען קיין ארכאנגעלסק. זי האט אלץ גע־האפט, אז ענדליך וועט זיך איהר איינגעבען מיך צו מאכען פאר אן אמת פרומער קריסטין. און ווען איהר שטארקע געגנערין, אלעקסאנדרא איוואנאוונא מאראז איז אוועקגעפאהרען, און זי איז געבליבען אליין מיט מיר, האט זי זיך א נעם געטאן צו דער אר־בייט גאר אויף אן אנדער מין אופן. ליגענדיג אויפ'ן בעט א בלא־סע, א שוואכע, האט זי מיט מיר אלץ גערעדט וועגען דעם וואס זי אליין איז שוין אלט און קראנק; אין גיכען וועט זי אודאי שטאר־בען און זי האט ניט קיין יורש'טע, ווער עס זאל איבערנעמען איהר ארבייט... עס איז פשוט געווען א רחמנות צו קוקען אויף איהר. עס האט פשוט געריסען דאס הארץ צוצוזעהן ווי א מענש, וואס האט אוועקגעגעבען א לעבען פאר א אידעע, ווייסט אז דער טויט איז שוין נאהענט, און עס איז נישטא קיינער, וואס זאל איבערנע־מען די אידעע... און דערצו איז נאך געווען עפעס אזא מאדנער וועהטאג אויך: דו האסט דורך ארץ פאר דעם מענשען, דו האסט איהם ליעב, און דאך איז ער דיר פרעמד, דאך איז ער פון דיר ווייט, ווייל ער איז גאר פון א גאנץ אנדער וועלט...

דער גרויסער תהום וואס איז געלעגען צווישען אונז ביידען, האט זיך שארף געווארפען אין די אויגען די גאנצע צייט, פונ'ם סאמע אנפאנג אן פון אונזער באקאנטשאפט. ניט איין מאל האט

מיך שטארק פארדראסען אויף זיך אליין פאר וואס איך געפעל איהר אזוי שטארק. אבער כ'האב זיך גארניט געקענט העלפען. עפעס ווי אויף צו להכעיס האט זי פון מיר געהאלטען א וועלט, און עס איז איהר געגאנגען אין לעבען, אז איך זאל ווערען איהר גייסטיגע יורש'טע.

זי אליין האט אפטמאל געזאגט, אז אין מיר געפינט זי עפעס א מין גייסטיגע עהנליכקייט מיט זיך און דאריבער האט זי פעסט באשלאסען, אז זי מוז מיך איבעררייידען און זעהן, אז איך זאל ווע־רען פרום, כדי איך זאל נאך איהר טויט איבערנעמען די געטליכע ארבייט, וואס זי האט געטאן.

עס איז אוממעגליך פאר איהר געווען צו פארשטעהן, אז פונקט אזוי ווי זי קען ניט געהן אין מיינע וועגען, אזוי קען איך ניט געהן אין איהרע וועגען. און אט אזוי האבען מיר זיך צושיידט ליע־בענדיג און אכטענדיג איינע די אנדערע, אבער גייסטיג ווייט און פרעמד איינע פון דער אנדערער...

# זעקסטער קאפיטעל.

### ביי די ברעגען פונ׳ם ים.

וועו מיין פריינדין אלעקסאנדרא איוואנאוונא מאראז איז געקומען צו מיר, האב איך געהאט אזא מאדנע געדריקטע שטימונג, אז עס איז מיר שרעקליך שווער געוועז אריבערצוטראגען די געזעלשאפט פון מענשען. איך האב אלץ געוואלט זיין אליין מיט זיך; און אין דערזעלבער צייט האב איך דוקא ניט געטארט זיין אליין און עס איז פאר מיר געוועז נויטיג צו האבען לעבען זיך כאטש איין מענשען, מיט וועמען איך זאל קענען אויסריידען א ווארט און זיך אליין באפרייען פון דער געדריקטער שטימונג.

אין שליסעלבורגער פעסטונג האב איך אויך געליטען פון אזא קראנקהייט; עס זיינען געוועזען מאמענטען, ווען איך האב געפיהלט, אז עס איז מיר פשוט שווער אויסצוריידען א ווארט מיט א מענשען. דאן האט מיין חבר׳טע לודמילא וואלקענשטיין מיט גוטע רייד אזוי געווירקט אויף מיר, ביז איך בין געווארען אנדערש. און דאס זעלבע האט איצט געטאן מיין פריינדין אלעקסאנדרא איוואנאוונא מאראז.

אליין א שטילע און זעהר א קלוגע, האט זי זיך די ערשטע צייט געהאלטען פון דער ווייטענס; אלע מאל, ווען זי האט באמערקט, ווי איך ווער שטארק נערוועז ריידענדיג מיט איהר, איז זי זיך שטילערהייט אוועק אין אן אנדער צימער און זיך דארט אוועקגעזעצט, איבערלאזענדיג מיך אליין. און דאס איז מיר אזוי געפעלען געווארען, אז איך האב זי אנגעהויבען ליעב האבען נאך מעהר ווי פריהער; איך האב זיך איינפאך אנגעהויבען נויטיגען אין איהר געזעלשאפט, און דאן איז ביי אונז אוועק א לעבען ווי ביי אמת׳ע גוטע פריינדינס, וואס קענען ניט אויסקומען איינע אהן דער אנדערער.

צוזאַמען האָבען מיר יעדען פריהמאָרגען געאַרבייט אויף אַן איבערזעצונג פון אַן ענגלישען בוך, צוזאַמען האָבען מיר אַ פּאָר שטונדען אין טאָג געזעגט האַלץ פאַר'ן בעל הבית, און נאָך מיטאָג זיינען מיר גאַנץ אָפט געפאָהרען אויף אַ שליטען אַנקוקען דעם געגענד אַרום און אַרום.

מיר איז דער געגענד שטאַרק געפעלען געוואָרען, און דאָס איז געווען ניט מעהר ווי נאַטירליך, ווייל נאָכדעם ווי מען זיצט אָפּ פאַרשפּאַרט אין אַ געפענגניש צוויי און צוואַנציג יאָהר, שעפּט מען התפעלות פון אַלעס. וואָס מען זעהט אויף דער פרייהייט; איך האָב אַנגעקוואָלען פון דעם וועג, וואָס איז באַדעקט מיט שנעע און וואו ביי די זייטען וואַרפט זיך דורך אַ בוימעלע דאָ און דאָר־טען; מיר זיינען געפעלען געוואָרען די בריקלאַך און אויך די פאַר־פראָרענע טייכלאַך, וואָס זיינען אינגאַנצען געווען באַדעקט מיט אייז. פון אַלעס האָב איך געשעפּט נחת.

ביכער, זשורנאַלען, צייטונגען האָבען אויסגעפילט אונזערע אָווענטען. מעהרסטענסטיילס האָט אַלעקסאַנדרא איוואַנאָוונא פאַרגעלעזען אין דער הויך, און איך האָב געהערט, און איהר שטימע איז געווען אַזאַ זיסע, אַזאַ קלינגענדיגע, אַז עס איז איינפאַך גע־ווען אַ פאַרגעניגען צו הערען.

נאָכ'ן לעזען, אַרום צעהן אַזייגער אויף דער נאַכט, פלעגען מיר געהן אַביסעל שפּאַצירען און קוקען מיט פאַרגעניגען אויף דעם שעהנעם אויסגעשטערענטען הימעל.

פון יאַנואַר אַן האָט דער וועטער אָנגעהויבען ווערען מילדער; פונ'ם ים האָבען שוין מעהר ניט געבלאָזען אַזעלכע בייזע ווינטען, און שפּעטער איז געוואָרען אַזוי וואַרים, אַז איך האָב יעדען טאָג געמוזט עפענען די פענסטער. דאָך איז פאַר מיר געווען שווער זיך צוצוגעוואוינען צו דעם קלימאַט און אַלע מאָל האָב איך זיך געהאַלטען אין איין פאַרקיהלען.

אין יענער צייט האָב איך שטאַרק געליטען פון שלאָפלאָזיג־קייט; גאַנצע נעכט האָב איך זיך געוואָרפען פון איין זייט אויף דער אַנדערער און אַלץ ניט געקענט איינשלאָפען. דאָך איז קיינעם גאָר ניט איינגעפאַלען, אַז מען דאַרף מיך קורירען; אַלע מיינע פריינד האָבען אַלץ געהאָפט, אַז מיט דער צייט וועלען זיך ביי מיר די נערוועז באַרוהיגען און איך וועל מעהר פון קיין שלאָפלאָזיגקייט ניט ליידען. זיי האָבען זיך אָבער ניט באַרוהיגט.

ווען דער שנעע איז ערטערווייז צוגאַנגען געוואָרען, האָב איך מיט אַלעקסאַנדרא איוואַנאָוונא מאַראַז אָנגעהויבען גײן גאַנץ אָפט צום ים. זעקס ווערסט האָט מען געדאַרפט גײן צופוס ביז מען איז אַהין געקומען. די ברעגען פון׳ם ווײסען ים אין יענעם געגענד זײנען געווען פּלאַכע, דער הימעל — בלאַס, מיט אַן עט־וואָס באַלויכטענעם קאַליר איבערגעצויגען און די וואַסער פון׳ם ים איז געווען ווײס־גרויליך און זיך ניט אויסגעצייכענט מיט קיין באַ־זונדערער שעהנקייט.

אָבער מיט צוועלף ווערסט ווייטער פון ניאָנאָקסאָ, ביים דאָרף „סיוזמא", וואוהין איך בין איינמאָל צוגעפאָהרען מיט מיין פריינ־דין אַלעקסאַנדרא איוואַנאָוונא מאַראַז, איז דער ים און דער גאַנ־צער געגענד געווען זעהר שעהן; אַלעס ארום און ארום איז געווען ווילד און עפּעס אַזוי מאָדנע אָנגעכמורעט; די ברעגען — הויכע, צודרעהטע און אָפּגעריסענע, זיינען געווען באַדעקט מיט סאָסנא בוימער; דער ים איז געווען טונקעל, כמעט שוואַרץ, און דאָס האָט געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק.

שפּאַצירענדיג אין יענעם געגענד ביים ברעג, האָבען מיר ליעב געהאַט זיך צוצוקוקען ווי די וואַסער פון׳ם ים פאַרכאַפּט אַלץ מעהר אָרט אויף דער יבשה און אַנטלויפט דערנאָך צוריק, איבער־לאָזענדיג פאַרשידענערליי ים־פּלאַנצונגען.

אַזוי פיעל איז דאָרטען געווען פון דעם מין פּלאַנצונגען, אַז דער פּריוואַט דאָצענט גאָלדשטיין, אַ גוטער כעמיקער, וועלכער איז אין די אָקטאָבער טעג דער׳הרג׳עט געוואָרען פון שוואַרץ־מאַה׳־ניקעס אין אַרכאַנגעלסק, האָט פאַרטראַכט אַרויסצוקריגען פון זיי יאָד. אָבער דאָס האָט זיך איהם ניט איינגעגעבען.

שפּאַצירענדיג צום ים, פלעג איך אָפטמאָל פאַרגעסען און מיי־נען, אַז איך בין טאַקי אַ פרייער מענש. אָבער אויפ׳ן וועג צוריק האָב איך אַלע מאָל דערקענט די טריט פון דעם „אוריאַדניק", וואָס איז אונז נאָכגענאַנגען. ער האָט זיך אָבער געפוילט נאָכצוגעהן ביז׳ן ברעג, און מעהרסטענטיילס האָט ער זיך באַהאַלטען צווישען די קוסטעס און געוואַרט ביז מיר וועלען זיך אומקעהרען צוריק.

אין אַלגעמיין האָבען די וועכטער פון מיר די אויגען ניט אַראָפּגענומען, און ווען איך האָב זיך פון דער אַלטער וואוינונג אי־בערגעצויגען אין אַן אַנדער שטיבעל, האָבען זיי ביי דעם זעלבען

בעל הבית פאר זיך אויך געדונגען א צימער, פונקט אנטקעגען מיינע פענסטער, אזוי אז זיי האבען מיך אלע מאל געקענט זעהן.

אלע מאל, ווען מיר האבען געדונגען א שליטען, זיך דורכצו־פאהרען אביסעל, האבען די וועכטער אויך דאס זעלבע געטאן, און ביינאכט האבען זיי קיינמאל ניט אויסגעלאשען דעם לאמפ, ווייל שלאפען פלעגען זיי אלע מאל נאך דער רייהע — א פאר שטונדען איינער, און א פאר שטונדען דער צווייטער.

מען האט אלץ מורא געהאט, איך זאל ניט אנטלויפען קיין אויסלאנד, און ביי מיר זיינען די נערוועןן געווען אזוי צורודערט און צושרויפט, אז עס האט מיר גאר ניט געקענט איינפאלען אונ־טערצונעמען אזא ריזיקאלישען שריט, באטש עס איז מיר שווער געווען אריבערצוטראגען דעם קלימאט און די אנדערע שוועריגקיי־טען אין ארכאנגעלסק.

איינמאל האט מען מיר טאקע אנגעבאטען צו אנטלויפען אויף א שיף קיין ענגלאנד, און דאס וואלט טאקע ניט געווען שווער אויך. אבער ווי האב איך געקענט פועל'ן ביי זיך איבערצולאזען מיין היים, מיין פאטערלאנד, וואס איז ביי מיר אלע מאל געווען אזוי טייער?

די גאנצע צייט האב איך זיך געהאלטען אזוי, אז מען האט קיינמאל ניט געדארפט געפינען קיין אויסרייד זיך צו טשעפען צו מיר, און דוקא דאס האט די צוויי אוריאדניקעס שטארק פאר־דראסען, ווייל עס איז אויסגעקומען אזוי, אז זייער ארבייט איז אינגאנצען איבעריג. דאן זיינען זיי געפאלען אויף א שכל און האבען אנגעהויבען אויסטראכטען זאכען, וואס זיינען ניט געשטוי־גען און ניט געפלויגען.

אזוי האבען זיי איינמאל אוועקגעשיקט א מסירה'לע צום אר־כאנגעלסקען ארכיערעי, אז דער גלח פון ניאנאקסא האט אין קלויס־טער, ביי דער תפלה פאר דעם קיסר און זיין פאמיליע, אויך דער־מאנט מיין נאמען און דעם נאמען פון דער פירסטין מאריא מי־כאילאוונא דאנדוקאווא־קארסאקאווא. דער ארכיערעי האט דאס דערהערט, האט ער גלייך געשיקט רופען דעם גלח צו זיך, און איהם געמאכט מיט דער בלאטע צוגלייך. דער גלח אליין האט דערנאך דערצעהלט, אז דער ארכיערעי האט איהם קיין ווארט ניט געלאזט אויסריידען, איהם געזידעלט מיט די ערגסטע ווערטער, און אנגע־

זאגט מיט'ן הארבען ווארט, אז ער זאל מיט מיר קיינמאל ניט
ריידען און זיך גאר ניט אנקעהרען מיט מיר...

איינמאל זיינען מיר, צוזאמען מיט נאך עטליכע מענשען
פונ'ם דארף, אוועק ווייט אויף אן אפגעזונדערטען, פארוואַרפענעם
פלאץ, וואוהין א סך פרומע לייט פלעגען קומען בעטען גאט, געד
ווסע צייטען אין יאהר. פונקט דאן, ווען מיר זיינען אהין גע־
גאנגען, איז דארטען קיינער ניט געווען, און שפאנענדיג אזוי אי־
בער די בלאטעס, האבען מיר אין א גרויסען וואלד, אין א פאר־
ווארפען ווינקעל, דערזעהן א באשיידענעם הילצערנעם קלויסטער
און אויך א קליינע אכסניה, זעהר א ציכטיגע און א זויבערע. ארום
און ארום איז אלעס געווען אזוי שעהן! בוימער און בוימער. קיין
שטיבעלאך האט מען אין ערגעץ ניט געזעהן, בלויז א קלייןביידעל
פאר א וועכטער. פון אלע זייטען האט זיך געטראגען א זיסע,
אנגענעמע שטילקייט און אויף דעם גרינעם וואלד, וואס האט זיך
אוועקגעצויגען ווייט־ווייט, האט זיך געשפרייט א בלאהער הימעל
און די שפיצען פון די בוימער זיינען געווען באשטראהלט פון א
העלער, ליכטיגער זון. א פארוואַרפענער ווינקעל — און דאך פול
מיט בוימער... און אין וואס פאר א גרויסען צענטער איך בין דער־
נאך ניט געווען — אין פאריז און אין אנדערע שטעדט — האב
איך אלע מאל, אויף דער וואנט פון מיין צימער אויפגעהאנגען א
בילד פון א געוויסען רוסישען מאהלער — א בילד, וואס האט דער־
מאנט אן יענעם שעהנעם, פארוואַרפענעם ווינקעל אין ניאנאקסא.
און מיר איז שטענדיג געווען אזוי אנגענעהם צו קוקען אויף אט דעם
בילד; א ים פון צארטע און אומעטיגע געפיהלען האט זיך ביי מיר
אין הארצען צושטראמט יעדער מאל ווען איך האב דאס בילד גע־
זעהן און זיך דערמאנט אן דעם באשיידענעם קלויסטערעל און אן
דער זיסער שטילקייט, וואס האט דארטען געהערשט אין אלע ווינ־
קעלאך.

אן אנדערש מאל זיינען מיר אוועק צום שעהנעם טייך
„ריאזשמא", וואס זעהט אויס ווי א וואסער־שטראם אויף א בארג
אין דער שווייץ. דארטען זיינען מיר צוגעגאנגען צו דעם קליינעם
ישוב, וואו איינער עפעס א מאדנער מענש, אויף וועמען מען האט
געזאגט אז ער איז פון די העלדען אין דער סעוואסטאפאלער מלחמה,
האט זיך באזעצט נאך מיט פינף און דרייסיג יאהר צוריק. זיין
נאמען געדענק איך שוין ניט. איך געדענק אבער, אז ער האט זיך

אונטערגענומען צו מאכען א גן־עדן פון דעם בלוטיגען געגענד ארום און ארום, און ער האט דארויף קיין געלט ניט געזשאלעוועט. זיין אויפגאבע איז לעבען איז געווען צו ארבייטען אזוי לאנג ביז פון די בלאטעס וועט ווערען א פרוכטבארער באדען, און עס זאלען דארטען וואקסען עפעל, בארען און וויינשעל. האט ער ביי דער רעגירונג אפגעדונגען צוויי טויזענט אקער בלאטעס, געדונגען הונדערטער פויערים, וועלכע האבען שווער געארבייט. אבער די ארבייט האט קיין מאל קיין רעזולטאטען ניט געבראכט. די בוימער וואס מען האט דארטען פארפלאנצט זיינען פארפרארען געווארען פון די שטארקע פרעסט. צעהנדליגער יאהרען האט דער מענש געארבייט און אוועקגעגעבען זיין לעבען פאר א זאך, וואס האט ניט געקענט פארווירקליכט ווערען.

שפאצירענדיג איבער די איינזאמע צימערען, וואו קיינער האט ניט געוואוינט, האב איך געכאפט א קוק אין קיך, און דארטען האב איך, צו מיין גרויסער איבערראשונג, דערזעהן איינעם פון מיינע וועכטער.

— ווי קומט איהר אהער? — בין איך געווארען אין כעס.

— איך שרכ'ן זיך צו דער קעכין — האט ער געענטפערט, געפינענדיג א תירוץ באלד אויפ'ן ארט.

## זיבעטער קאַפּיטעל.

### פון ניאָנאָקסאַ קיין כריסטאָפאָראָווקאַ.

נאָך אין מאָנאַט מאַרטש איז אויפגעהויבען געוואָרען די פראַגע וועגען דעם, אַז מען זאָל מיך פון דעם פאַרוואָרפענעם דאָרף ניאָנאָקסאַ אָפּשיקען צוריק אין קאָזאָנער גובערניע און מיר געבען די ערלויבניש זיך צו באַזעצען אין פּריצישען הויפעל פון מיין טאַנטע ע. וו. קופּריאַנאָווא.

עטליכע מאָל האָט מען וועגען דעם געשריבען אין פּאָליציי־דעפּאַרטמענט, אָבער ס'איז קיין ענטפער ניט אָנגעקומען. ערשט אין יוני איז די ערלויבניש, ענדליך, געגעבען געוואָרען, און דאַן האָבען מיר זיך געלאָזט אין וועג אריין.

געפאָהרען אַהיים פון אַרכאַנגעלסק בין איך ניט אַליין, נאָר מיט אַ גאַנצער קאָמפּאַניע פריינד. חוץ אַלעקסאַנדראַ איוואַנאָוונאַ מאָראָז, וועלכע האָט אויף מיר אויפגעפּאַסט אַ שטיק צייט, ווי אַן אמת'ע געטרייע פריינדין, זיינען מיט אונז געווען אויך איהרע זיהן, וועלכע זיינען ספּעציעל צוליב דעם געקומען צו פאָהרען פון מאָסקווע. ס'איז אויך געווען מיין שוועסטער לידיאַ — און אַלע האָבען זיך געסטאַרעט, אַז איך זאָל אויפ'ן וועג האָבען אַלע נויטיגע באַקוועמליכקייטען. די איינציגע ניט־געבעטענע פּאַסאַזשירען זיינען געווען די צוויי פּריסטאַווס פון אַרכאַנגעלסק. זיי האָבען זיך אָנגעטאָן אין ציווילע קליידער און געהאַט די אויפגאַבע מיך צו באַגלייטען אַהיים, און דערצו האָב איך זיי נאָך געדאַרפט מיטנעמען אויף מיין חשבון.

ווען די פּאָליטישע פאַרשיקטע אין אַרכאַנגעלסק האָבען זיך דערוואוסט, אַז מען שיקט מיך אָפּ אַהיים, האָבען זיי באַשלאָסען זיך צו געזעגענען מיט מיר, מאַכענדיג אַ דעמאָנסטראַציע. דאָס מאָל האָט זיך מיר ניט איינגעגעבען זיי אָפּצוריידען דערפון; זיי האָבען גע'טענה'ט, אַז ס'איז גענוג, וואָס זיי האָבען מיך געפאָלגט

און ניט געמאכט קיין דעמאנסטראציע ווען איך בין געקומען; ווי־לען זיי מיך איצט כאטש באגלייטען, ווייל ווער ווייסט צי זיי וועלען נאך אמאל האבען די געלעגענהייט מיך צו זעהן.

דער גובערנאטאר האט זיך אבער, א פנים, דערוואוסט וועגען דעם פלאן, האט ער געענדערט דעם מארשרוט און אונטער א שטרענגער וואך פון עטליכע באוואפענטע „סטראזשניקעס" אונז ארויסגעשיקט אויפ'ן דארף ריקאסיכא. מיר זאלען זיך דארטען זעצען אויף א שיף און אריבערשווימען די צפון'דיגע דווינא און ביים אנדערען ברעג זיך אוועקזעצען אין באהן און פאהרען ווייטער, אבי מיר זאלען זיך ניט דארפען אפשטעלען אין ארכאנגעלסק.

אבער די פאליטישע פארשיקטע האבען דאס פאראויס געזעהן און אזוי לאנג געדרעהט ביז עס האט זיך זיי איינגעגעבען אפצונארען דעם גובערנאטאר און טאן דאס וואס זיי געפעלט.

געקומען קיין ריקאסיכא, זיינען מיר אלע צופוס אוועק צום ברעג, וואו א שיף האט שוין געווארט אויף אונז, און ביי דער שיף עטליכע פאליציאנטען, דער גובערנאטאר, זיין סעקרעטער און אויך דער איספראווניק.

מיר האבען געמיינט, אז מעהר ווארט אויף אונז קיינער ניט. ווי גרויס איז אבער געווען אונזער איבערראשונג ווען מיר האבען דערזעהן ווי נאך א שיף שווימט צו צום ברעג און פון אינוועניג גיט זיך א שפאר ארויס א מחנה פון מענער און פרויען, און אלע לאזען זיך געהן צו אונז. דאס זיינען געווען די פאליטישע־פארשיקטע פון ארכאנגעלסק — אדוואקאטען און סטודענטען, אינטעליגענטען און ארבייטער, זייערע פרויען, לעהרערינס, פעלדשערינס, און נאך אהן א שיעור מענשען: זיי אלע האבען ספעציעל געדונגען א גאנצע שיף און געקומען אין ריקאסיכא מיך באגלייטען ביז צום באהן.

ווען די מחנה פאליציאנטען האבען דערזעהן אזא גרויסע מחנה, האבען זיי זיך דערשראקען. די פארשיקטע האבען זיך מיט פרייד א לאז געטאן צו מיר; מיט אייניגע האב איך זיך ביי די הענט באגריסט און מיט אנדערע האב איך זיך ווי מיט אלטע גוטע פריינד צוקושט. איינער פון די פארשיקטע, א געניטער פאטאגראפער, האט מיט זיך געהאט אן אפאראט, און באלד זיינען שוין אלע געזעסען ארום מיר, איך אין מיטען און מען האט אונז פאטאגראפירט אויף א גרויסער בילד.

דער גובערנאַטאָר האָט זיך געקאָכט, די פּאָליציי האָט זיך געערגערט, אבער מיר זיינען געווען גרעסער אין צאָהל, און זיי האָבען דעריבער געמוזט שווייגען. דער איספּראַווניק און דעם גובערנאַטאָר׳ס סעקרעטער האָבען אונז געגומען יאָגען, מיר זאָלען וואָס גיכער ארויף אויף דער שיף. אָבער אזוי שנעל ווי מיר זיי־נען ארויף זיינען די פּאָליטישע פּארשיקטע אריין אין זייער שיף און זיך געלאָזט נאָך אונז. באַלד האָט זיך דאָרטען, איבער זייערע קעפּ, א הויב געטאָן א רויטע פאָהן, און עס האָבען זיך דערהערט טענער פון דער רוסישער מאַרסעליעזע. אונזער שיף איז געווען א גרעסערע, און אויף׳ן באפעהל פון׳ם גובערנאַטאָר האָט מען זי גע־לאָזט לויפען וואָס שנעלער. אָבער די שיף פון די פּאָליטישע פּאר־שיקטע איז ניט אָפּגעשטאַנען : די ארבייטער אינוועניג האָבען גע־וואוסט וואָס דאָ געהט אָן, האָבען זיי גענומען וואַרפען נאָך און נאָך קוילען אין די אויוועגס און זייער שיף איז אוועק מיט אַזאַ שנעלקייט, אז ס׳איז געווען א פארגעניגען צו קוקען ווי זי געהט.

צוגעקומען צום ברעג, זיינען אַלע חברים ארויס. די פּאָליציי האָט זיך ווידער אָנגעהויבען קאָכען. אָבער עס האָט איהר גאָרניט געהאָלפען. אַלע מיינע פריינד האָבען זיך אויסגעשטעלט אין לאַנגע רייהען און אוועק מיט אונז צוזאַמען צום וואָקזאַל. דעם גובער־נאַטאָרס סעקרעטער האָט שיער דעם שלאָק ניט באַקומען ; אין אָנפאַנג האָט ער געבעטען די פּאָליטישע פּארשיקטע, זיי זאָלען זיך פאַנאַנדערגעהן און אונז לאָזען אַליין ; און ווען ער האָט דערזעהן, אַז דאָס בעטען העלפט ניט, האָט ער אָנגעהויבען סטראַשען, אַז ער וועט זיי אַלעמען פארשיקען אין די ווייטסטע, פאַרוואָרפענסטע גע־גענדען אין ארכאַנגעלסקער גובערניע. אָבער די פארשיקטע האָבען איהם געהערט ווי דעם פאַריאָהריגען שנעע און זיינען אונז נאָכגע־גאַנגען ביז צום וואָקזאַל.

דער פיהרער פון דער דעמאָנסטראַציע איז געווען דער פּעטערבורגער פּריוואַט־דאָצענט גאָלדשטיין, און ווען דעם גובערנא־טאָרס סעקרעטאר האָט דאָס דערזעהן, האָט ער איהם אוועקגע־רופען אין א זייט און איהם גענומען בעטען, אַז ער זאָל איינ־האַלטען דעם עולם. דאָן איז גאָלדשטיין איינגעגאַנגען אויף א פּשרה און עס איז געבליבען, אַז אויף׳ן וואָקזאַל זאָלען מיר אַלע צוזאַמען טרינקען טהע און דערנאָך זאָלען זיי זיך פונאַנדערגעהן, ניט וואַרטענדיג ביז אונזער צוג וועט אוועק.

אַט אַזוי האָט זיך געענדיגט די אנגענעמע חבר'שע און ברידערליכע שמחה.

פון ארכאַנגעלסק האָבען די פּאָליטישע פארשיקטע אוועקגע־שיקט אַ טעלעגראַמע צו די חברים אין וואָלאָגדאַ, אַז איך פאָהר. און אויף דער נאַכט, ווען מיר זיינען צוגעפאָהרען צו דער סטאַנציע, בין איך געוואָרען אומרוהיג, ווייל ס'איז ביי מיר גאָר קיין צווייפעל ניט געווען, אַז די חברים אין וואָלאָגדאַ וועלען מיר אודאי געבען אַ קבלת פנים, און עס וועט ווידער אַרויסקומען אַן אומאַנגענעמ־ליכקייט מיט דער פּאָליציי.

עס האָט אָבער קיינער אויף אונז דאָרט ניט געוואַרט. דער וואָקזאַל איז געווען פּוסט. און איך האָב דערנאָך געהאַט פון וואָס צו לאַכען... וואָרים עס איז ווירקליך אויסגעקומען זעהר קאָמיש: אַ מענש ריכט זיך אויף אַ גרויסען קבלת פנים, און ווען ער קומט, דערזעהט ער, אַז קיינער וואַרט גאָר ניט אויף איהם...

ערשט שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די פּאָליציי אין אַרכאַנגעלסק האָט די טעלעגראַמע פאַרהאַלטען און זי ניט געלאָזט אַרויסשיקען קיין וואָלאָגדאַ.

ווען מיר זיינען געקומען קיין יאַראָסלאַוועל, האָבען מיר גע־דאַרפט וואַרטען אויף אַ שיף, וואָס זאָל אונז פיהרען איבער דער וואָלגאַ. און דאָרטען האָב איך געהאַט נייע באַגעגענישען; עס זיינען געקומען צו מיר די פּאָליטישע פארשיקטע, וואָס זיינען דאָן געווען אין שטאָדט; פון מאָסקווע איז געקומען אַלעקסאַנדראַ איוואַ־נאָוונאַ'ס מאַן און אויך מיין אַלטע פריינדין ווערא דמיטראָוונאַ לעבעדעווא; פון פּעטערבורג איז געקומען די פירסטין מאַריאַ מי־כאַילאָוונאַ דאָנדוקאָווא־קאָרסאַקאָווא. זי האָט זיך מיט מיר גע־זעגענט און איז אַוועקגעפאָהרען צוריק, און פון דאַן אָן האָב איך זי מעהר קיינמאָל ניט געזעהן.

אין דער באַגלייטונג פון אַזוי פיעל גוטע פריינד בין איך אַרויף אויף דער שיף „די ברידער דעריוגין", און דאָרטען האָב איך גלייך געהאַט אַ צוזאַמענשטויס מיט די צוויי איבערגעטאָנענע פּרים־טאָוס, וועלכע האָבען מיך באַגלייט; זיי האָבען געוואָלט ניט אַנ־דערש נאָר פאַרנעמען אַ פּלאַץ פאַר זיך אין ערשטען קלאַס, אין איין רייהע מיט מיר. און איך האָב דאָס דוקא ניט געוואָלט; און איך האָב מיינס אויסגעפיהרט. דער קאַפּיטאַן פון דער שיף האָט זיך דערוואוסט ווער איך בין, האָט ער זיך שטאַרק דערפרעהט איבער

מיר, און ווען ער האט דערזעהן ווי איך רייס זיך ארום מיט די צוויי איבערגעטאַנענע פאליציייסקע, האט ער געזאגט, אז אויב איך וויל, וועט ער זיך אפשטעלען ביי א ברעג און וועט זיי ביידע ארויסווארפען.

דעם גאנצען וועג, פון יאראסלאוועל ביז טעטיושי, האבען די איבערגעטאנענע שומרים מיינע קיין נחת ניט געהאט; די צוויי



לעבעדיעווא

זיהן פון מיין פריינדין אלעקסאנדרא איוואנאוונא מאראז, ביידע יונגע, און לעבענסלוסטיגע סטודענטען, האבען זיך געהאלטען אין איין טשעפען צו זיי; וואו זיי זיינען געשטאנען און וואו זיי זיינען געגאנגען, האבען זיי, די צוויי יונגע סטודענטען, אנגעשטעלט אפאַ־ראטען און זיי פאטאגראפירט אין פארשיעדענערליי פאזעס; זיי האבען אלעמען דערצעהלט ווער די צוויי חברה־לייט זיינען, וואס

פאַר אַ ראָלע זיי שפּיעלען, און קיין אַנדער נאָמען ווי „שפּיקעס“ (שפּיאָנען) האָבען זיי ביי זיי ניט געהאַט.

עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די צוויי איבערגעטאָנענע פּריהטאָווס האָבען זיך געשעהמט דאָס פּנים צו ווייזען און זיך אַלץ געקלאָגט דאָרויף פאַרוואָס מען קוקט אויף זיי אַזוי קרום, גלייך זיי וואָלטען גאָר קיין מענשען ניט געווען.

# אכטער קאפיטעל.

## די ערוואכונג.

ווען איך בין ארויס פון שליסעלבורגער פעסטונג האט קיין זאך אויף מיר ניט געמאכט אזא שטארקען איינ־דרוק ווי וואסער און הימעל. קיין וואונדער איז דאס ניט געווען, ווייל פאר די עטליכע און צוואנציג יאהר, וואס איך בין געווען אפגעריסען פון דער וועלט, האב איך ניט געזעהן קיין טייך און קיין הימעל. אויפ'ן וועג קיין ארכאנגעלסק זיינען מיר דורכ־געפאהרען צוויי גרויסע טייכען — די וואלגא און די צפון'דיגע דווינא. אין געפענגנים האב איך געזעהן וואסער בלויז ביי דער פאמפע. דא אבער אין די צוויי גרויסע טייכען, איז געווען א סך וואסער, זעהר א סך; וואו דאס אויג האט זיך נאר אפגעשטעלט, האט עס געזעהן וואסער און וואסער; און דאס האט מיך ווי א כשוף געצויגען צו זיך, און איך געדענק נאך דעם מאמענט ווען מען האט מיך אין א קליין שיפעלע געפיהרט איבער דער וואלגא, האב איך די גאנצע צייט די אויגען ניט געקענט אפרייסען פון וואסער און געטראכט האב איך, אז עס וואלט געווען אזוי גוט פאמעלאך און רוהיג זיך ארונטערלאזען אלץ נידעריגער און נידעריגער, ביז צום סאמע אפגרונד, און דארטען בלייבען.

עטליכע טעג, איידער איך בין ארויס פון שליסעלבורג, האט מאראזאוו מיר איבערגעגעבען א ליעד, וואס ער האט אנגעשריבען לכבוד מיין באפרייאונג. אין דער ליעד האט ער געשילדערט די פרייד, וואס איך וועל איבערלעבען ווען איך וועל דערזעהן די אומענדליכע ווייטקייט, אן אויסגשטערנטען הימעל, גרינע וועלדער און ברייטע לאנקעס.

דאן בין איך געווארען בייז אויף מאראזאוו'ן און ס'האט מיך שטארק פארדראסען פארוואס ער האט אנגעשריבען אזא ליעד. ווארים אין יענער צייט האב איך זיך געפיהלט זעהר ניט גוט;

איך האב מורא געהאט פאר'ן לעבען און זיך געשראקען פאר מענ־
שען; עס האט מיר געריסען דאס הארץ קוקענדיג אויף זיך און
עס האט מיר אויך געריסען דאס הארץ קוקענדיג אויף מיינע
חברים; מיר איז געווען שווער זיך צו שיידען מיט זיי, און ס'האט
מיר וועה געטאן פארוואס זיי בלייבען ווייטער פארשפארט אין
געפענגנים. דאן האב איך ניט געטראכט און ניט געקענט טראכטען
וועגען אומענדליכע ווייטקייטען, אויסגעשטערנטע הימלען, גרינע
וועלדער און ברייטע לאנקעס. און ענטפערענדיג מאראזאוו'ן, האב
איך מיט כעס געזאגט:

„דיין ליעד קלעפט זיך ווי אן ארבעס צו דער וואנט; מיר
געפעלט זי ניט."

אבער ווען איך בין ארויס פון דער פעסטונג, האב איך גע־
זעהן, אז מאראזאוו איז געווען גערעכט. די שעהנקייט פון דער
נאטור האט מיר גלייך פארכאפט, דאס איז געווען דער ערשטער
אנגענעמער איינדרוק, וואס איך האב געהאט פון דער פרייער
וועלט.

פונקט פארקעהרט אבער איז געווען דער איינדרוק, וואס
מענשען האבען אויף מיר געמאכט; אין זייער געזעלשאפט האב
איך זיך געפיהלט זעהר ניט גוט; די נאהענטקייט מיט זיי האט מיך
אויפגערעגט; עס איז געווען גענוג, אז איך זאל וויסען, אז אין
א צווייטען צימער געפינט זיך א מענש, און איך בין שוין געווען
אומרוהיג, און אין ערגעץ פאר זיך קיין ארט ניט געקענט געפינען.

פונקט ווי א פויגעלע, וואס איז פארשפארט אין א שטייג,
הויבט זיך אן צאפלען ווען עס דערזעהט נאהענט א פעדערעל, אזוי
האב איך זיך געצאפעלט און שרעקליך געציטערט, ווען איך האב
דערפיהלט די נאהענטקייט פון מענשען.

אין ארכאנגעלסק — ווי איך האב שוין דערצעהלט אין'ם ער־
שטען קאפיטעל — האט מען מיך ניט באפרייט, נאר ווידער ארייג־
געזעצט אין טורמע. דארטען האט מען מיר געהאלטען פארשפארט
א חודש צייט, און דער גובערנאטאר באנטינג האט אלץ גע'טענה'ט,
אז פאר מיר איז דאס א סך בעסער... „עס האט שוין ניט איין מאל
געטראפען, — האט ער פארזיכערט מיין שוועסטער, — אז מענשען
זיינען געשטארבען פון דעם, וואס זיי זיינען מיט איין מאל אינ־
גאנצען באפרייט געווארען."

די קאמער, וואו מען האט מיך פארשפארט, איז געווען איג־

גאנצען אפגעזונדערט. ארום און ארום איז געווען אזוי שטיל און טויט, ווי אין די ערגסטע צייטען אין שליסעלבורגער פעסטונג. און אט דער חודש פון שטילקייט האט נאך מעהר צורודערט מיינע קראנקע נערוועז.

איין טרייסט האב איך דארט געהאט — דאס גרויסע פענסטער אין מזרח־זייט. יעדען פריהמארגען האב איך זיך אוועקגעשטעלט און מיט פארגעניגען געקוקט ווי די זון געהט אויף. דער גאנצער האריזאנט האט געברענט אין א פלאקער פון גאלד און פורפור; און פון דארט, וואו די זון האט זיך געדארפט ווייזען, פון ווייט־ווייט אין דער הויך, האבען זיך געצויגען פאסען, ווי אין דורכזיכ־טיגע שלייערס איינגעהילט, וואס אמאל זיינען זיי געווארען אלץ בלאסער און בלאכער, ביז זיי זיינען זיך איינגאנצען צוגאנגען איבער דעם העל־בלויען הימעל.

אין ערגעץ, אפילו אין דער שעהנער שווייץ מיט איהרע רייכע פארבען, האב איך דערנאך קיינמאל ניט געזעהן אזא שעהנעם זונ־אויפגאנג, ווי אין דעם קאלטען ארכאנגעלסק, שטעהענדיג לעבען די אייזערנע גראטעס אין אן איינזאמען קאמער.

מיט עטליכע מאנאט שפעטער, ווען מ׳האט מיך געבראכט אינ׳ם דארף ניאנאקסא, בין איך איינמאל אוועק ווייט אין פעלד, צווישען די שנעע־באדעקטע לאנקעס, וואס האבען זיך ווייט גע־שפרייט ביי די ברעגען פונ׳ם ווייסען ים, און דארטען האב איך אויך געפיהלט ווי אלעס ארום און ארום ציהט מיך צו זיך, ווי מיט א כשוף. צוזאמען מיט מיין קוזינע נאטאשא קופריאנאווא, וועלכע איז געקומען צו מיר מיט איהר מוטער פון דעם ווייטען קאזאן, בין איך געגאנגען און פארגאפט געקוקט אויף אלעס. ווייטער מיט דריי וויארסט פון דארט איז אלעס ארום געווען פוסט; קיין איין לעבע־דיגען מענשען האט מען דארטען ניט געזעהן; דער שנעע איז געווען באגאסען מיט זונען־שיין און פון ערגיץ האט זיך ניט געהערט קיין שארך, וואס זאל צורודערען די שטילקייט. הינטער די פיס האט פראסטיג געסקריפעט און עס איז געווען עפעס אזוי אנגענעם צו ריידען מיט נאטאשא׳ן, וועלכע איז שוין געווען א גרויסע, כאטש זי האט אין מיין זכרון נאך אלץ געלעבט אלס א קליינע, זיבען־יאהריגע מיידעלע, ווי איך האב זי איבערגעלאזען מיט אזוי פיעל יאהרען צוריק.

און אין די קאלטע ווינטער־נעכט, ווען איך האב שטארק גע־

ליטען פון שלאפלאזיגקייט, בין איך צעהן א זייגער ארויסגע־גאנגען שפאצירען איז נאס צוזאמען מיט מיין פריינדין אלעקסאנ־דרא איוואנאוונא מאראז, וועלכע האט אויף מיר אכטונג געגעבען, ווי א געטרייע מאמע אויף איהר קינד, און ס׳איז געווען אזוי אנגענעם צו קוקען אויף דעם אויסגעשטערנטען הימעל.

זומער, ווען דער מאי איז געקומען, זיינען מיר אויך צעהן א זייגער אויף דער נאכט געגאנגען שפאצירען. אבער דאן האט מען שוין אויפ׳ן הימעל קיין שטערען ניט געזעהן און איז דרויסען איז געווען ליכטיג אזוי ווי בייטאג. טאקע נאר אויפ׳ן קאלטען צפון קען מען זעהן אזעלכע נעכט. אין מערב־זייט האט דער הימעל געברענט מיט אלע אפשפיגלונגען פון געלע און שארף־רויטע פארבען, און באלד, טאקע לעבען זיי — א בלוט־רויטער מארגענשטערן, וואס זאגט שוין אן באצייטענס, אז שפעטער וועט אויפגעהן די זון פון דעם מארגענדיגען טאג.

די שנעאיגע פעלדער, די אויסגעשטערנטע הימלען, די ווייסע נעכט, דער מארגענשטערן — אלעס איז דארטען געווען אזוי שעהן, אז ס׳איז פשוט געווען א פארגעניגען צו קוקען. און דאך האב איך נאך אלץ ניט געקענט אפטרייסלען פון זיך דעם שווערען געמיט, וואס האט מיין נשמה געדריקט; איך האב נאך אלץ געפיהלט אויף זיך די טורמע. און דאס לעבען איז געווען ווייט פון מיר.

און אזוי איז אוועק א גאנץ היבשע צייט, און דער חוש פון לעבען איז אלץ געשלאפען אין מיר. אויפגעכאפט האט ער זיך דאן, ווען מען האט מיך אין א שיף געפיהרט איבער דער וואלגא צוריק אהיים. א טאג נאכדעם ווי איך האב זיך אויפגעזעצט אויף דער שיף, בין איך אין דער פריה ארויף אויפ׳ן דעק, און ווי ווייט דאס אויג האט נאר געקענט גרייכען, האב איך געזעהן א קלארען, בלויען הימעל מיט זילבערנע וואלקענדלאך און א ברייטע, מעכטיגע וואלגא, אט די זעלבע וואלגא, וואס איז מיר פון קליינערהייט שטענדיג געווען איינגעבאקען אין הארצען; און ווען איך האב מיט דער גאנצער ברוסט איינגעאטעמט אין זיך די קיהלע לופט פון דעם שעהנעם, גרויסען טייך, איז מיר א ווארימער סקרוך דורכגעלאפען איבער׳ן גאנצען קערפער, און איך האב דאס ערשטע מאל מיט אלע חושים דערפיהלט אז: „איך בין פריי!" דאס איז געווען א שטארקער, שטורמדיגער געפיהל, וואס גיט זיך מיט אמאל א רייס ארויס פון הארצען. דאס איז געווען די ערשטע ערוואכונג.

פונקט אזא געפיהל האב איך איבערגעלעבט א סך שפעטער, ווען איך בין אין פאריז געזעסען אין דער „גראנד אפערא" און גע־הערט ווי די ארטיסטין מאדאם ליטווין זינגט טשאיקאווסקי'ס ראמאנס, „א, וואלד, א, לעבען! אך, די זון און דער פרישער גערוך פון בעריאזעס." דאס איז ניט געווען קיין געזאנג, נאר א מוזיקא־לישער אויסגעשריי. מיט דער שטורמדיגער פרייד פון ערוואכונג, מיט דער ווילדער שמחה פון א נשמה, וואס ווארפט פון זיך ארונטער אלעס, האט דער מוזיקאלישער אויסגעשריי אפגעקלונגען אין די הערצער פון אלע צוהערער; א זיסער שוידער איז מיר דאן אריבער איבער'ן לייב, און איך האב זיך דערמאנט אן יענעם מאמענט, וואס איך האב מיט אמאל דערפיהלט, ווען מען האט מיך אין א שיף געפיהרט איבער דער וואלגא, וואס איז מיר נאך פון קינדרוויז אן געווען איינגעבאקען טיעף אין הארצען.

...א קורצע צייט איידער איך בין ארויס פון שליסעלבורגער פעסטונג, האט מיר איינער פון די זשאנדארען געבראכט א פויגעל מיט א צובראכענעם פליגעל און מיך געבעטען, איך זאל איהם אויסהיילען און גאנץ מאכען. דער פויגעל האט זיך אין פארלויף פון עטליכע טעג אזוי צוגעוואוינט צו מיר, אז ער האט ביי מיר פון דער האנט געקליבען ברעקלאך און געגעסען. מיט אמאל אבער האב איך באמערקט אן ענדערונג: דער פויגעל האט אויפגעהערט עסען און זיך אנגעהויבען האלטען פון דער וויטענס. שטונדען לאנג פלעגט ער זיצען ביים פענסטער און ארויסקוקען אין דרויסען, ניט ריהרענדיג זיך פונ'ם ארט. עס זיינען פארבייגעפלויגען פויגעלאך און טייבעלאך, און דער פויגעל האט אלץ געקוקט, ביז ער האט איינמאל גאר פלוצלונג א מאך געטאן מיט די פליגעל און איז אוועק, אויפהויבענדיג זיך אלץ העכער און העכער און אוועקפלי־הענדיג אלץ ווייטער און ווייטער.

דאסזעלבע איז געווען מיט מיר. איך בין ארויס פון שליסעל־בורגער פעסטונג מיט געליימטע פליגעל, ניט געקענט פליהען מעהר, און ווען איך האב ווידער דערזעהן די וואלגא, וואס איך האב געדענקט נאך פון יענע יאהרען, ווען איך בין נאך א קינד געווען, ווען איך האב ווידער דערזעהן אזא ברייטקייט און אזא גוואלדיגע קרעפטיגקייט, האבען זיך מיינע געליימטע פליגעל ווי־דער א הויב געטאן און איך האב ווידער דערפיהלט, אז איך קען פליהען.

# ניינטער קאפיטעל.

## צוריק אין דער היים.

פארטאג זיינען מיר אנגעקומען קיין טעטיושי. די פאמיליע מאראז איז געפאהרען ווייטער, און איך מיט מיין שוועסטער לידיא און די צוויי איבערגעטאנענע פאליצייסקע, זיינען ארוים אויפ'ן ברעג. דארטען האט שוין מיין קוזינע, נאטאשא קופריאנאווא, געווארט אויף אונז מיט א קארעטע, און מיר האבען נאך געדארפט פאהרען פינף און צוואנציג ווילארסט אנצוקומען צו זיי אין דארף — קיין כריסטאפאראווקא.

ווען איך האב זיך אריינגעזעצט אין דער קארעטע מיט מיין טאנטע, איז צוגעלאפען איינער פון די צוויי פאליצייסקע און געפאדערט, אז מען זאל איהם אויך אריינלאזען אינוועניג; ער מוז זיצען לעבען מיר; ער טאר מיך ניט אפלאזען פון אויג אפילו א מינוט!

דערהערט אזא זאך, בין איך געווארען אין כעס און אנגעהויבען שרייען. אבער ער האט זיך פאר מיינע געשרייען ניט איבערגעשראקען און געזאגט, אז ער קען זיך גארניט העלפען; ער האט א באפעהל אכטונג צו געבען אויף מיר ביי טאג און ביי נאכט, און דאס מיינט, אז אפילו דאן, ווען איך וועל שלאפען, וועט ער ניט אפטרעטען פון מיין צימער! פון ביי טאג איז שוין אפגערעדט; ער און זיין חבר וועלען שטענדיג זיין לעבען מיר און וועלען מיך קיינמאל, אפילו אויף קיין מינוט, ניט אפלאזען אליין פון דאנען אהין!

און נאך א זאך:

איך מוז ריידען נאר רוסיש, קיין אנדער שפראך טאר איך ניט ריידען, ווייל זיי פארשטעהען ניט!

אזא באפעהל האט ער, און ער מוז דעם באפעהל דורכפיהרען פינקטליך.

ווען איך האָב דאָס דערהערט, בין איך געוואָרען אַזוי בייז, אַז עס איז אונמעגליך געווען מיך איינצוהאַלטען.

— פיהרט מיך שוין צוריק קיין ארכאַנגעלסק! — האָב איך אַנגעהויבען שרייען. — שוין זאָלט איהר מיך פיהרען צוריק!... איך וועל אייך ניט אַריינלאָזען צו זיך אין שלאָף-צימער! און אויב איהר וועט אַריינגעהן, וועל איך כאַפּען מיין רעגענשירם און וועל אייך צוהאַקען דעם קאָפּ!

— באַרוהיג זיך, וועראָטשקאַ! — האָט מיין טאַנטע גע־פּרואווט מיך איינגעמען. — מיר וועלען דאָס ניט דערלאָזען. ער וועט ניט אַריינקומען צו דיר אין צימער... קאָליאַ *) איז איצט אין דאָרף, אין וואַסילעווקע. מיר וועלען איהם גלייך לאָזען וויסען, און ער וועט ניט דערלאָזען אַזאַ סקאַנדאַל. מאָרגען וועל איך מיט איהם צופאָהרען צום גובערנאַטאָר אין קאַזאַן, און אויב דער גובערנאַטאָר וועט גאָרניט טאָן, וועלען מיר קלאַפּען אַ טעלעגראַמע קיין פּעטערבורג — און אַלעס וועט זיך איינאָרדנען.

אָבער איך האָב זיך בשום אופן ניט געקענט באַרוהיגען. אַזוי פיעל אַריבערגעטראָגען, אַזוי פיעל יאָהרען געליטען; ווען־זשע וועט שוין נעמען אַ סוף?! ביז וואַנען איז דער שיעור?! אַלע מאָל זאָגט מען צו, אַז אָט באַלד וועט שוין זיין אַנדערש, בעסער ווי פריהער, און אַז עס קומט צו עפּעס, איז גאָר ערגער. פון שליס־סעלבורגער פעסטונג האָט מען מיך אַרויסגעלאָזט, און באַלד פאַר־שפּאַרט אין פּעטראָפּאַוולאָווסקער; אַרויס פון פּעטראָפּאַוולאָוו־סקער — האָט מען מיך אַוועקגעשיקט אין דעם קאַלטען אַרכאַנ־געלסק, געהאַלטען אין אַ געפענגניש, פאַרשיקט אין אַ פּאַרוואָרפע־נעם דאָרף; און איצט, ווען מען האָט מיך שוין, ענדליך, געבראַכט צוריק אַהיים — איז ווידער דאָס זעלבע, אָדער נאָך ערגער. אַנ־שטאָט צו זיין אונטער'ן אויפזיכט פון דער פּאָליציי, וועט מען מיר אַריינשפּאַרען אין הויז אַריין צוויי באַוואָפענטע שומרים, זיי זאָלען אויף מיר אַכטונג געבען בייטאָג און ביינאַכט!

ווען־זשע וועט דאָס שוין נעמען אַ סוף?

אָט דאָס הייסט געקומען צוריק אַהיים, וואו מען איז אויס־געוואַקסען און וואו מען האָט אייגענע? אַנשטאָט דעם, וואָס איך

---

*) „קאָליאַ" איז ניקאָלאַי פיגנער, ווערא פיגנער'ס ברודער, אַ באַ־ריהמטער אָפּערא־זינגער, וועלכער איז געשטאָרבען מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק.

פיהל ווי צו ווייגען פאר פרייד פון דעם, וואס איך זעה ווידער די ערטער, וואו איך האב מיינע קינדער־יאהרען פארבראכט; די ער־טער, וואו מיין מאמע האט געלעבט און מיין גוטע אלטע ניאניא האט אויפגעפאסט אויף מיר — אנשטאט דעם, דארף איך גאר שרייען אויף די אגענטען פונ'ם פאליציי־דעפארטמענט, וועלכע האבען שוין נייע פלענער מיר צו פאראומערען דאס לעבען.

עס האט מיר אבער גארניט געהאלפען. איך האב קיין אנדער ברירה ניט געהאט און געמוזט לאזען דעם פאליצייסקע זיך אוועק־זעצען לעבען מיר אין דער קארעטע.

וואס פאר א שרעקליכער פריהמארגען עס איז דאן געווען! די אלע גוטע האפנונגען, וואס האבען שוין א ביסעל געהאט אנ־געווארימט די נשמה, זיינען אוועק מיט'ן רויך. עס איז מיר געווען א שרעקליכער פארדרוס און א גרויסער וועהטאג. איך האב גע־פיהלט, אז הענט און פיס זיינען מיר ווידער געבונדען, אז איך בין אלץ ניט פריי און אז איך וועל שוין מעהר קיינמאל אין מיין לעבען ניט זיין פריי...

די זון האט געהאלטעןביים אויפגעהן, און ווען מיר האבען אנגעהויבען פאהרען אין דער קארעטע, האב איך, א נידערגע־שלאגענע און א צובראגענע, געקוקט אויף די פלאכע, אומענדליך־ברייטע לאנקעס, וואס ציהען זיך איבער'ן גאנצען וועג — לאנקעס, וואס איך האב געזעהן נאך צוריק מיט פינף און צוואנציג יאהר, און קוקענדיג אויף זיי האט זיך מיר אויסגעדוכט, אז איצט זעהען זיי אוים נאך ארימער, נאך איינגעטריקענטער, גלייך מען וואלט פון זיי ארויסגענומען דאס גאנצע ביסעל זאפט, וואס זיי האבען פריהער פארמאגט... ארום און ארום אלץ פלאכע ערד און אלעס איז אזוי פארטריקענט, ארים, נעבעכדיג און פארכמורעט; די קארעטע שלעפט זיך און פון הינטער די רעדער זעצט ארוים א געדיכטער שטויב; פון אויבען קוקט אראפ א ברוג'ער הימעל און די שטראה־לען פון דער זון באקען און ווארימען ניט.

אומעטיג.

און אט דאס הייסט געקומען צוריק אהיים! אין דער טייערער, ליעבער היים, פון וואנען איך בין געוועזן אפגעריסען אזוי פיעל יאהרען און וואוהין איך האב די גאנצע צייט אזוי געבענקט!

פון איין זייט האב איך געפיהלט א טיעפע באליידיגונג און א כעס, און פון דער אנדער זייט — אן ענטוישונג און אן אומעט,

וואס די היים איז אזוי נעבעכדיג, נאך נעבעכדיגער און ארימער ווי מיט פינף און צוואנציג יאהר צוריק; און דאס איז אין אזא צייט, ווען עס וואלט זיך אזוי שטארק געוואלט, אז די היים זאל זיין אנדערש, בעסער, שעהנער און בליהענדער.

אין כריסטאפאראווקא האט שוין אויף מיר געווארט מיין גוטע, ליעבע טאנטע גאלאווינא, וועלכע האט מיך נאך מיט יאהרען צוריק געלערנט ווי אזוי צו לעבען אין שלעכטע אומשטענדען. מיר זיינען אריין אין גאסט־צימער און איך האב זיך אווארף געטאן צו איהר אויפ'ן האלז... אבער אזוי שנעל ווי מיר האבען זיך ביידע אוועקגעזעצט און געוואלט אנהויבען עפעסריידען וועגען די יאהרען, וואס זיינען אוועק, איז אריינגעקומען איינער פון די באוואפענטע וועכטער און זיך אוועקגעזעצט לעבען מיר.

די צונג איז ווי צוגעקלעפט געווארען צום גומען און איך האב ניט געקענט ארויסריידען קיין איין ווארט...

די גאנצע פרייד פון דער לאנג־ערווארטעטער באגעגעניש איז צושטערט געווארען.

---

ווען מיר האבען געזעהן, אז עס איז ניט אויסצוהאלטען פון די באוואפענטע וועכטער, אז זיי לאזען מיך ניט אטהעמען פריי, האבען מיר אוועקגעשיקט א שליח צו מיין ברודער ניקאלאי, וועל־כער האט געוואוינט אויף זיין מאיאנטעק, אינ'ם דארף וואסילעוו־קא, זיבען וויארסט פון כריסטאפאראווקא. ווען ער האט דאס דער־הערט, איז ער גלייך געקומען צו לויפען, און אזוי ווי ער איז בטבע געוועזען זעהר א היציגער, האט ער זיך אזוי צושריען אויף די צוויי באוואפענטע וועכטער, אז זיי זיינען געבליבען שטעהן פארציטערטע. פאר איהם האבען די צוויי וועכטער געהאט גרויס דרך ארץ און טאקע מורא געהאט אויך, ווייל זיי האבען געוואוסט, אז ער איז דער ערשטער זינגער אין דער קייזערליכער אפערא, דער סאליסט פון זיין קייזערליכער מאיעסטעט. פריהער פון אלץ האט ער זיי מיט'ן הארבען ווארט געזאגט, אז זיי זאלען זיך אינגאנצען ארויס־שלאגען פונ'ם קאפ דעם געדאנק, אז זיי וועלען זיין ביי מיר אין צימער און וועלען אכטונג געבען אויף מיר ביי טאג און ביי־נאכט; דערנאך האט ער זיי פארטריבען אין קיך אריין און אנגעזאגט, אז זיי זאלען זיך ניט דערוועגען אריינקומען אין דעם צימער, וואו איך געפין זיך; זאלען זיי ווארטען ביז דער גובער־

נאטאר אליין וועט ערקלעהרען ווי אזוי זיי דארפען מיך באוואכען.

מיט איין טאג שפעטער, אין דער פריה, איז מיין ברודער אוועקגעפאהרען צום גובערנאטאר אין קאזאןריידען מיט איהם וועגען דעם, און חוץ דעם האט ער אוועקגעשיקט א גרויסע טעלע־גראמע פון הונדערט ווערטער צום מיניסטער טרעפאוו.

דערמיט האט ער זיך נאך ניט באגנוגענט; ער איז אליין אוועקגעפאהרען קיין פעטערבורג, זיך זעהן מיט טרעפאוו'ן, און ווען ער האט איהם דערצעהלט אלעס וועגען וואס עס האנדעלט זיך דא, האט טרעפאוו זיך צולאכט:

— נו, זיינען דאס א פאר אידיאטען! — האט ער געזאגט, ריידענדיג וועגען די צוויי געהיימע אגענטען, וואס דארפען מיך באוואכען. — אבער דאך דארפט איהר זיך אזוי ניט ערגערען, ניקאלאי ניקאלאיעוויטש. וואס קען מען טאן, אז פאר אזעלכע אר־בייטען נעמען זיך ניט קיין חכמים, נאר די גרעסטע טפשים...

דאן איז געווארען קלאר, אז שולדיג אין אלעס איז בלויז די נארישקייט פון די צוויי באוואפענטע וועכטער, וועלכע פארשטעהען יעדען באפעהל אינ'ם בוכשטעבליכען זין פון ווארט. דערנאך האט זיך אלעס איינגעארדענט; די צוויי וועכטער האבען זיך באזעצט אין א שטיבעל, אקעגען דעם הויז, וואו איך האב געוואוינט.

אלע מאל, ווען איך בין געגאנגען שפאצירען, זיינען זיי מיר נאכגעגאנגען שטילערהייט, באהאלטענדיג זיך צווישען די קוסטעס, און ביים „סטאראסטא“ פון דעם דארף האבען זיי גע'פועל'ט, אז ווען איך וועל זיך ווייזען אין גאס, זאל מען קיין קינד ניט ארויס־לאזען אין דרויסען און די דערוואקסענע זאלען אויך זיין פאר־שפארט אין די שטיבלאך. עס איז אויסגעקומען אזוי, אז ווען איך בין געגאנגען אין גאס, האט אלעס אויסגעקוקט טויט און אפגע־שטארבען, ווי אין א מדבר.

פריהער פון אלץ האב איך געוואלט זיין אויף מיין מאמעס קבר, און צוליעב דעם האב איך געדארפט צופאהרען אין אונזער אלטען מאיאנטעק, וואס האט זיך געפונען אינ'ם דארף ניקאפא־ראווא, ניט ווייט פון כריסטאפאראווקא.

די וועכטער זיינען געווען געגען דעם. זיי האבען געזאגט, אז זיי וועלען מיך אין ערגעץ ניט לאזען פאהרען, ווייל לויט דעם באפעהל, וואס זיי האבען, טאר איך זיך ניט ריהרען פון ארט.

איך האב זיי אבער ניט געהערט.

עס וועט אייך גארניט העלפען, — האב איך געזאגט. — איך פאהר.

מען האט איינגעשפאנט דריי פערד און איך בין אוועקגע־פאהרען.

די וועכטער האבען דאס דערזעהן, האבען זיי געכאפט א בריטשקע און זיינען מיר נאכגעפאהרען. קיין שטערונגען האבען זיי מיר אבער מעהר ניט געמאכט, און פון דאן אן האבען זיי זיך איינגעוועהנט, אז יעדער מאל, ווען איך פאהר ארויס קיין ניקיפא־ראווא זעהן מיינע שוועסטער, דארפען זיי זיך באגנוגענען מיט דעם וואס זיי באגלייטען מיך, אבער קיין שטערונגען דארפען זיי ניט מאכען.

ווייטער פון ניקיפאראווקא בין איך ניט ארויסגעפאהרען די אלע זעקס חדשים, וואס איך האב פארבראכט אין כריסטאפאראוו־קא. דער חשק צוצוקומען נעהענטער צום לעבען איז אין מיר געוועזן זעהר גרויס; איך וואלט געוואלט זעהן וואס אין דארף טוט זיך, ווי מענשען לעבען דארט, ווי זיי קוקען אויף דער וועלט און ווי זיי נעמען אויף די וויכטיגע פאליטישע פאסירונגען, וואס קומען פאר אין די גרויסע שטעדט; אבער די צוויי וועכטער האבען מיך די גאנצע צייט געהאלטען אויפ'ן אויג און קיינעם צו מיר ניט צוגעלאזט גאר נאהענט.

ארום און ארום איז דאס קליינע דערפעל כריסטאפאראווקא באשטאנען פון א פינף און צוואנציג שטיבלאך. די פויערים, אלע געוועזענע „פאנשטשעניקעס" (שקלאפען) ביי מיין באבען, זיינען געוועזן זעהר ארים, ווייל נאך מיט פערציג יאהר צוריק, ווען מען האט זיי באפרייט פון דער „פאנשטשינא", האבען זיי אליין ניט געוואלט נעהמען די אלע חלקים ערד, וואס מען האט זיי געוואלט געבען, און גענומען בלויז א פערטעל. פון דעם אליין איז לייכט זיך פארצושטעלען ווי ארים זיי זיינען געוועזן. די שטיבעלאך זיי־ערע זיינען געוועזן קליינינקע, נידעריגע, נעבעכדיגע, מיט שטרויענע דעכער. און אויב מען האט שוין יא דערזעהן ערגעץ א בלעכענעם דאך, אדער אויב מען האט שוין יא געזעהן אין גאס א פויערטע אנגעטאן פיינער און שעהנער, האט זיך אלע מאל ארויסגעוויזען, אז דער מאן, אדער אן אנדערער פון דער פאמיליע, איז שוין מעהר ניט קיין פויער, נאר ער ארבייט אין א פאבריק, אין פערמער גובערניע. קוקענדיג אויף די אפגעלאזענע שטיבעלאך, האט מען

גלייך געקענט זעהן, אז די ערד גיט ניט ארויס געגוג תבואה און די בעלי־בתים מוזען אוועקגעהן ערגעץ אנדערשוואו זוכען צו פאר־דיענען א שטיקעל ברויט.

דאס אוועקגעהן פון דארף זוכען פרנסה אין שטאדט, איז אין יענער צייט געווען א נייע ערשיינונג. פריהער, דאס הייסט, אין יענער צייט ווען איך בין נאך געווען אין דארף, האבען די פויערים גארניט געוואוסט פון פערמער גובערניע און פון די פאבריקען, וואס געפינען זיך דארטען. שפעטער אבער איז די לאגע אין דארף וואס אמאל געווארען אלץ ערגער און ערגער; די תבואה אויף די פעלדער איז אין פארלויף פון צוואנציג יאהר אלץ ניט געווען גע־ראטען און די מורא פאר א הונגער איז שטענדיג געהאנגען איבער'ן קאפ.

דער בעסטער מאהלצייט איז געווען ברויט מיט טהע. ביי אלע מענשען זיינען די פנים'ער געווען איינגעדארט און איינגע־קווארט; קיין איין שעהן קינד האט מען אין דארף ניט געקענט זעהן; אויף אלעמען איז געווען א רחמנות צו קוקען — אלץ איינ־געפאלענע באקען און אויסגעלאשענע אויגען; צווישען דער יונג־ווארג זיינען שטארק געווען פארשפרייט ווענערישע קראנקהייטען. אין אלגעמיין איז דער איינדרוק געווען אזא, אז מען האט געקענט מיינען, אז דאס גאנצע דארף שטעהט אויפ'ן שוועל פון אונטערגאנג.

פאר דער גאנצער צייט, וואס איך בין געווען אין דארף, האב איך בלויז איין מאל געהאט א גוטע מינוט. איך האב געשפאצירט אין גאס און בין מיר גלאט אזוי צוגעגאנגען צו א שטיבעלע; גע־וואלט זעהן ווער עס וואוינט דארט און ווי אזוי מען לעבט דארט. ביי אן אפענעם פענסטער איז געזעסען א יונגע פרוי מיט צוויי קליינע קינדער. ביי דער יונגער פרוי איז דאס פנים געווען זעהר ליעבענסווירדיג און דער אויסדרוק איז געווען א צופרידענער און א רוהיגער. די קינדערלאך זיינען אויך געווען גאנץ שעהנע, און ווען איך האב דערזעהן ווי זיי עסען אייער און טרינקען מילך, כאטש עס איז א תענית, בין איך ווירקליך איבערראשט געווארען.

מיר איז געווען אינטערעסאנט אויסצוגעפינען ווער די פרוי איז, בין איך צוגעגאנגען נעהענטער און פארפיהרט א געשפרעך מיט איהר. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז זי איז געקומען אהער „אויף א דאטשע" פון פערם, וואו איהר מאן ארבייט אין נאדעזשדינסקער זאוואד און קריגט פופציג רובעל א חודש.

„פאר'ן בונט, — האט די פרוי געזאגט, — האט מיין מאן געקראגען פינף און פערציג רובעל א חודש. דערנאך האט מען איהם אנגעהויבען צאהלען פופציג."

„וואס פאר א בונט?" — האב איך געפרעגט.

„דעם סטרייק מיין איך, — האט מיר די פרוי ערקלערט: — „מיט א האלב יאהר צוריק האבען זיך אלע ארבייטער אין זאוואד דארטען צונויפגערעדט, צעטעלאך צוגעשיקט איינער צום אנדערען, געשריבענע און געדרוקטע. דערנאך האבען זיי געפאדערט, מען זאל זיי אנהויבען צאהלען מעהר געלד, און אויב ניט, וועלען זיי דעם גאנצען זאוואד אויף שטיקלאך צוטראגען."

פון דעם וואס זי האט מיר ווייטער דערצעהלט, האב איך אויסגעפונען, אז די אדמיניסטראציע פונ'ם זאוואד האט איינגע־שטימט צו העכערען די שכירות פון די ארבייטער, אבער ניט אזוי פיעל ווי זיי פאדערען. די פיהרער פונ'ם סטרייק, צוויי אויפגע־קלערטע ארבייטער, האבען געזאגט, אז מען זאל ניט איינגעהן אויף קיין פשרות, אבער די מעהרסטע ארבייטער זיינען געווען פאר־הייראטע מענשען און זיי האבען געשטימט דערפאר, אז מען זאל יא אננעמען דעם פארשלאג פון די פאבריקאנטען. עס איז גע־בליבען אזוי ווי די מאיאריטעט האט געוואלט, און דאן זיינען די צוויי פיהרער פונ'ם סטרייק אינגאנצען אוועק פון דער פאבריק.

— מען האט זיי ארויסגעשטופט? — האב איך געפרעגט.

— ניין, זיי זיינען אליין אוועק, — האט מיר די פרוי גע־ענטפערט. — זיי האבען דארטען מעהר ניט געוואלט ארבייטען.

אין דער סביבה פון ארימקייט און אומעט, אין דער אטמאָ־ספערע פון טעמפּקייט, גראבקייט און צופוילטקייט, האט דאס צו־פרידענע פנים פון דער יונגער פרוי, דער דארפישער מאדאנא מיט די צוויי זאטע, געזונטע קינדערלאך, געמאכט זעהר א גוטען און שטארקען איינדרוק.

ניט נאר מאטעריעל, נאר אויך גייסטיג, איז אונזער געגענד געווען זעהר ארים. די רעגירונגס־בעאמטע האבען ניט דערלאזט, אז די פויערים זאלען זיך אויסבילדען און ווערען אויפגעקלערט. קיין ביכער האט מען צו זיי ניט צוגעלאזט, און ווען מיין שוועס־טער האט געבעטען, אז מען זאל איהר ערלויבען עפענען אין דארף א ביבליאטעק אויף איהר מאנס נאמען, האט מען געמאכט אזוי פיעל שטערונגען, ביז עס איז דערפון גארניט געווארען.

אויף אַלעם איז געווען דער שטעמפּעל פון שקלאַפעריי און צוגעשלאָגענקייט. פון די אינטעליגענטערע מענשען אין כריסטאַ־פּאַראַווקא איז קיינער צו מיר ניט געקומען, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט פאַר דער פּאָליציי. און איינמאָל בין איך צוגעפאָהרען צו דער לעהרערין, ריידען מיט איהר אַביסעל, האָט מען זי דערפאַר אָפּגעזאָגט פון דער שטעלע, כאָטש זי איז געווען א לעהרערין אין דאָרף 29 יאָהר צייט.

מיינע קרובים, וועלכע האָבען דעם גאַנצען געגענד געקענט דורך און דורך, האָבען מיר דערצעהלט, אַז אין דער „זעמסטווא" איז נישטאָ קיין איין מענש, וואָס זאָל ארבייטען ענערגיש פאַר פאָלקס־בילדונג. דער טעטיושער אויעזד איז אַלע מאָל געווען א פאַרשלאָפענער. אין 1905 האָט מען דאָרטען געקענט געפינען ניט מעהר ווי 65 שוהלעס, און פון זיי זיינען 26 געווען זעמסקע, און די איבעריגע זיינען געשטאַנען אונטער'ן אויפזיכט פון דער קיר־כע, און דאָרטען האָבען די לעהרער געקראָגען ניט מעהר ווי 10 רובעל א חודש! זיי האָבען אַלע געהונגערט, ארומגעגאַנגען אָפּ־געריסען און אָפּגעשליסען, זיך געבאָדען אין חובות און געהאַט אַזא באַגריף פון בילדונג, פונקט ווי א האַלב־אינטעליגענטע קעכין אין א פיינער פאַמיליע. פון דעם איז שוין ניט שווער זיך פאָרצו־שטעלען וואָס פאַר אַן ערציהונג זיי האָבען געקענט געבען די קינדער.

איך אַליין האָב זיך זעהר שטאַרק אינטערעסירט מיט די שוהלעס און דאריבער בין איך געווען צופרידען פון יעדער געלע־גענהייט זיי צו באַזוכען. איינמאָל בין איך אריינגעקומען אין א שוהלע פונקט דאַן, ווען מען האָט מיט די קינדער געלערנט די הייליגע שריפטען. א אינגעל האָט דערצעהלט, אָדער בעסער גע־זאָגט, זיך געמוטשעט צו דערצעהלען וואָרט ביי וואָרט די געשיכטע ווי אַזוי א מענש פאַלט אריין אין דער נעץ פון'ם יצר הרע, און ארויסגעקומען איז דאָס ביי איהם אַזוי:

„אַמאָל איז געווען א גן־עדן; אין גן־עדן איז געווען א גאָרטען; אין גאָרטען איז געווען א בוים; אויפ'ן בוים האָט געוואַקסען אַן עפּעל." און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער.

א צווייטען מאָל האָט איינער פון די תלמידים, לויט מיין בקשה, געדאַרפט זאָגען אויף אויסווענינג קרילאָוו'ס א פאַבעל. נו, נו! האָט ער בעגעבען א זאָג! עס איז געווען א שרעק צו הערען!

קרילאָוו'ס פאַבעל איז ביי איהם ארויסגעקומען פונקט אין דעם זעלבען טאָן ווי אַ גלח זאָגט אַ תפלה „גאָט, האָב רחמנות." און ווען איך האָב געבעטען, אַז די שילער זאָלען עפעס פאַרלעזען, האָבען זיי אָנגעהויבען לעזען פון אַ ביכעל אַזוי שרעקליך, אַז איך האָב זיך געמוזט פארשטעקען די אויערען. זיי האָבען זיך אין ער־גענץ ניט אָפּגעשטעלט און ניט געהאַט דעם מינדסטען באַגריף וואו מען דאַרף זיך אָפּשטעלען און וואו מען דאַרף ענדערען דעם טאָן. בלויז צוויי פון די עלטערע תלמידים האָבען געלעזען נישט־קשה און די איבעריגע האָבען געשלונגען די ווערטער און זיי אַזוי צוקאַ־ליעטשעט, אַז עס איז פּשוט געווען אַ שרעק.

עס איז מעהר ווי זיכער, אַז אין שרייבען זיינען זיי אויך ניט געווען בעסער. די לעהרערין אַליין האָט מיר איינמאָל אָנגעשריבען אַ קליין צעטעלע, זיינען דאָרט געווען דריי שרעקליכע גרייזען. און ווי אַזוי האָבען די שילער געקענט לעזען גוט, אַז די לעהרערינס אַליין האָבען געלעזען שלעכט? ביי איינער אַ יונגער פּויערטע, וועלכע האָט אין גיכען געזאָלט ווערען אַ לעהרערין אין דאָרף, האָב איך געבעטען, אַז זי זאָל פאַר מיר לייענען אַ צייטונג, און ווען זי האָט אָנגעהויבען לייענען, האָב איך זעהר ווייניג נחת געהאַט דער־פון; זי האָט ניט געוואוסט וואו זיך אָפּצושטעלען, ניט געהאַט דעם מינדעסטען באַגריף ווי אַזוי צונויפצושטעלען די ווערטער און מען האָט בשום אופן ניט געקענט דערגעהן קיין טאָלק וואָס זי לייענט און וועגען וואָס זי לייענט. הערענדיג ווי זי לייענט, האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז יעדער וואָרט איז אַ שטיין, וואָס פאַלט מיר אין קאָפּ אַריין, און איך האָב אַליין ניט געוואוסט וואָס פאַר אַ תירוץ מען געפינט אַז זי זאָל שוין אויפהערען לייענען.

פאַר מיר איז דאָס ווירקליך געווען אַ נייעס. איך האָב זיך קיינמאָל ניט פאַרגעשטעלט, אַז די שקאָלעס אין רוסלאַנד זיינען אַוועקגעשטעלט אַזוי שלעכט און אַז עס איז מעגליך אַזאַ זאַך, אַז אַ לעהרערין זאָל זיין אַזוי בעזגראַמאָטנע.

איינמאָל, אין אַ קאַלטער אָסיענדיגער נאַכט, איז די לעה־רערין פון דער שקאָלע, וואָס איז געשטאַנען אונטער'ן אויפזיכט פון דער קירכע, געבליבען ביי די קופּריאַנאָווס אין הויז, און אַזוי ווי מיר איז געווען זעהר אינטערעסאַנט צו זעהן וואָס פאַר אַ מענש זי איז און ווי געבילדעט זי איז, האָב איך מיט איהר פאַרפיהרט אַ געשפּרעך וועגען בילדונג, און איך בין ווירקליך איבערראַשט

געוואָרען, ווען אַך האָב דערזעהן ווי זי קען קיין צוויי ווערטער ניט צונויפבינדען און ענטפערט אויף יעדער פראַגע „קורץ און שאַרף," ווי אַ סאָלדאַט — „יאָ'ס" און „ניין'ס"... דאַן האָב איך איהר אויף אַ פריינדליכען אופן געגעבען צו פאַרשטעהן, אַז כאָטש זי איז אַ לעהרערין, דאַרף זי נאָך אַליין אַ סך לערנען און לייענען. איך האָב איהר אויך אוועקגעגעבען אַ פּאַר צעהנדליג ביכער פאַר דער שולע און גערעטען, אַז צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע לעהרערינס זאָל זי בשותפות אויסשרייבען די צייטונג „סין אָטיעטשעסטוואַ", וואָס קאָסט אינגאַנצען דריי רובעל אַ יאָהר, און דעם זשורנאַל „אָבראַזאָוואַניע". שפּעטער, ווען איך בין שוין געווען אין ניזשני נאָווגאָראָד, האָב איך פון איהר געקראָגען אַ בריעף, וואָס האָט ביי מיר אַרויסגערופען אַ סך געלעכטער. אין דעם בריעף האָט זי מיר גע־דאַנקט פאַר די גוטע עצות, וואָס איך האָב איהר געגעבען, און דערביי האָט זי פּאַראיינוועגס געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז „די עצות זיינען ניט געווען אַרויסגעוואָרפען"; די לעהרערינס האָבען בשותפות טאַקע אויסגעשריבען אַ זשורנאַל, אָבער ניט דעם זשור־נאַל „בילדונג", ווי איך האָב איהר געהייסען, נאָר דעם זשורנאַל „דער פּיקהאָלץ" (דיאַטעל)... דאָס איז געווען אַ הומאָריסטיש בלע־טעל, וואָס די צענזור האָט שפּעטער פאַרמאַכט, און דאַן איז דער רעדאַקטאָר געפאַלען אויף אַ שכל און אנשטאָט דעם „פּיקהאָלץ", האָט ער אַרויסגעגעבען דעם „שנאָבעל", און געהייסען האָט עס, אַז מען האָט דעם גאַנצען פויגעל אַזוי באַריסען, אַז מעהר ווי דער שנאָבעל איז פון איהם ניט געבליבען.

די זעמסקי לעהרערין, וואָס האָט באַזוכט די קופּריאַנאָווס, האָט מען מיר פאָרגעשטעלט אַלס אַן אינטעליגענטע מיידעל, וואָס קען עפּעס אויפטאָן אין דאָרף. האָב איך איהר אוועקגעגעבען אַ צוויי הונדערט פאַרשיעדענערליי ביכער, בעלעטריסטיק, געשיכטע און אַנדערע. איך האָב זי געבעטען, אַז זי זאָל די ביכער פאַר־שפּרייטען צווישען די גראַמאַטנע פּויערים און זעהן, אַז זיי זאָלען זיך פאַראינטערעסירען אין לייענען.

מיט דריי מאָנאַטען שפּעטער האָב איך געבעטען, זי זאָל מיר די צוויי הונדערט ביכער אָפּגעבען צוריק, און ווען זי האָט זיי מיר אָפּגעשיקט, האָב איך גלייך דערקענט, אַז זי האָט זיי די גאַנצע צייט געהאַלטען אונטער'ן קישען און קיינעם ניט געגעבען לייענען.

אין 1905, זומער־צייט, איז אין מאָסקווא אָפּגעהאַלטען גע־

ווארען א צוזאמענפאהר פון זעמסקי טוער, און מיינער א קאזין, דער ריכטער וו. פ. קופריאנאוו, א לאנד־באזיצער אין טעטיושי, איז דארטען אויך געווען א דעלעגאט. ווען ער איז געקומען צוריק פון מאסקווא, האט ער געוואלט באקענען די באפעלקערונג מיט די פראגען, וואס זיינען באהאנדעלט געווארען אויף דעם צוזאמענ־פאהר, און צוליעב דעם האט ער פארגעשלאגען דער זעמסקער פארוואלטונג, אז מען זאל צונויפרופען א פארזאמלונג פון פויערים אין אויעזד און זיי אפגעבען א קלארען באריכט וועגען דעם, וואס עס איז פארגעקומען אויף דעם מאסקווער צוזאמענפאהר.

אין דער לופט האט זיך שוין דאן געפיהלט דאס אנקומען פון א נייער צייט און עס איז געווען קלאר פאר יעדען איינעם, אז איצט מוז מען צוגרייטען די מאסען צו די נייע אידעען. די פאר־וואלטונג פון דער זעמסטווא האט דאריבער אנגענומען מיין קאזינס פארשלאג און עס איז באשלאסען געווארען אנצושרייבען בריעף אין אלע וואלאכטען, אז זיי זאלען צושיקען צו דער פארזאמלונג אויפגעקלערטע און פארשטענדיגע פויערים, וועלכע זאלען דערנאך קענען איבערגעבען אין דארף אלעס, וואס זיי האבען געהערט און וואס זיי האבען ארויסגעטראגען פון די דעבאטען אויף דער פאר־זאמלונג.

דאן האב איך זיך געווענדעט צו דער זעמסקער לעהרערין, אז זי זאל מיר אנווייזען וועמען פון איהרע געוועזענע שילער מען קען איינלאדען צו דער געפלאנטער פארזאמלונג. איך בין געווען זיכער, אז זי וועט מיר געבען די נויטיגע אינפארמאציע וועגען דעם, ווייל עס איז שוין נייז און צוואנציג יאהר זינט זי איז א לעהרערין אין דארף. ווי איבעררראשט בין איך אבער געווארען, ווען זי האט מיר געענטפערט, אז אזעלכע פויערים זיינען גאר ניטא... דאס האט מיך שטארק פארדראסען און איך האב איהר אנגעהויבען זאגען מוסר:

— דאס איז ניט שעהן! — האב איך איהר געזאגט. — שוין 29 יאהר זינט איהר זייט א לעהרערין אין דארף, און פאר דער גאנצער צייט האט איהר ניט ארויסגעגעבען אפילו קיין צעהן פויערים, וואס זאלען זיין אויפגעקלערט! וואס דען דארף טאן א לעהרערין, אויב ניט פארשפרייטען בילדונג?

א פארשעהמטע איז די לעהרערין געבליבען שטעהן אין גרויס

פארלעגענהייט, דערנאך האט זי פארקנייטשט דעם שטערן און זיך דערמאנט, אז זי האט יא אזעלכע געוועזענע שילער.

ניין און צוואנציג יאהר האט א מענש געלערנט מיט קינדער טאג איין, טאג אויס, און זיך קיינמאל ניט פארטראכט וועגען דעם ווי נויטיג עס איז צוצוגרייטען די קינדער צום לעבען און ווי וויכ־טיג עס איז, אז זיי זאלען זיין געבילדעט און אויפגעקלערט. און אפשר האט זי זיך וועגען דעם ניט געקענט פארטראכטען, ווייל זי אליין האט זיך אינגאנצען ניט אינטערעסירט מיט דעם גאנג פונ׳ם לעבען אין דער מלוכה.

עס איז געווען א רחמנות אויף די קינדער, און עס איז אויך געווען א רחמנות אויף די לעהרערינס, וועלכע זיינען געווען אזוי ארים אין גייסט, וועלכע האבען ניט געקענט, אדער פשוט קיין מוט ניט געהאט צו פארזארגען די קינדער מיט אזא בילדונג, אז זיי זאלען קענען זיין ניצליכע מענשען אין דער געזעלשאפט.

די גאנצע באפעלקערונג אין די דערפער איז גייסטיג געווען פארשלאפען; זי האט זיך ניט אינטערעסירט מיט קיין בילדונג און ניט אנגעהויבען וויסען ווי נויטיג עס איז פאר א מענשען צו זיין געבילדעט און אויפגעקלערט.

אומזיסט האט מען געקויפט ביכער פאר דערוואקסענע, ווען מען האט אינ׳ם דארף ניקיפאראווקא געגרינדעט א ביבליאטעק; אינ׳ם יאהר 1905 זיינען אין דער ביבליאטעק געווען ניט מעהר ווי א פינף און זעכציג לעזער, אי דאס בלויז קינדער פון שקאלעס און א פאר בעאמטע פונ׳ם דארף.

אומזיסט האט מען אויסגעשריבען צייטונגען פאר דער ביב־ליאטעק; קיינער האט די צייטונגען ניט געלעזען.

# צעהנטער קאפיטעל.

## איינדרוקען און פאקטען.

דער אלגעמיינער איינדרוק איז געווען, אז די דערפער שטעהען גייסטיג אויף דער זעלבער מדרגה, וואס זיי זיינען געשטאנען אינ'ם יאהר 1878, ווען מיר, „נאראדאוואלצעס", האבען דארטען אנגעפיהרט א רעוואלוציאנערע פראפאגאנדע. אין דעם דארף, וואו איך בין אריינגעפאלען, איז ניט געווען אפילו קיין סימן פון קיין צוגרייטונגס־ארבייט און עס איז שווער געווען צו געפינען עטליכע געצעהלטע פויערים, וואס זאלען קענען איבערלייענען עפּיס אין א בוך אדער אין א צייטונג, און איבערדערצעהלען דאס, וואס זיי האבען איבערגעלייענט. אלעס איז אין די דערפער געווען פארגליווערט, קאלט און פארפרארען, ניט קוקענדיג דארויף, וואס אין די גרויסע שטעדט איז אנגעגאנגען א גאנץ לעבעדיגע באוועגונג; ארבייטער האבען געסטרייקט, די רעגיערונג האט ארויסגעגעבען א מאניפעסט און אין די גאסען האט מען געמארשירט מיט רויטע פאהנען.

דאס דארף איז געווען ווייט פון פאליטיק; קיין צייטונגען האט מען דארטען ניט געקראגען און די פויערים האבען ניט אנגעהויבען וויסען וועגען דעם, אז די רעגיערונג האט ארויסגעגעבען א מאניפעסט. אין די שטעדט האט אלעס געקאכט מיט באוועגונג. אפילו אזא טויטע, פארשלאפענע שטאדט ווי קאזאן האט זיך אויך אויסגעפוצט מיט רויטע פאהנען און מיט גאסען־דעמאנסטראציעס לכבוד דעם מאניפעסט און לכבוד דער פרייהייט, וואס מען האט געוואונען.

די פרייד אין קאזאן, פונקט ווי אין אנדערע שטעדט, האט אבער לאנג ניט אנגעהאלטען; די ארגאניזירטע שווארץ־מאה'ניקעס האבען זיך מיט רציחה ארויפגעווארפען אויף דער פריעדליכער באפעלקערונג, וואס האט געהאט מוט אפען אויסצודריקען פרייד

מיט'ן אָקטאָבער־מאַניפעסט; אַ סך מענשען זיינען פאַרוואונדעט געוואָרען און אַ סך זיינען דער'הרג'עט געוואָרען; און די קלאַנגען וועגען דעם האָבען זיך פאַרטראָגען אין די דערפער, אָבער אַזוי צודרעהט, אַזוי צופלאָנטערט, אַז ס'איז געווען קלאָר, אַז די פויערים ווייסען ניט און הויבען ניט אָן צו וויסען פאַרוואָס מען האָט זיך געפּרעהט און פאַרוואָס מען האָט זיך געשלאָגען.

דאָס דאָרף איז אַלץ געבליבען פאַרגליווערט און האָט ניט געהאַט קיין קלאָרען באַגריף וועגען דער וויכטיגער פּאָליטישער געשעהעניש, וואָס איז פאָרגעקומען אין לאַנד. ערשט שפּעטער, ווען ס'זיינען ארויס די „אוקאַזען" וועגען שאַפען אַ מעגליכקייט פאַר פויערים צו קריגען מעהר ערד, האָט זיך דאָס דאָרף אָנגעהויבען באַוועגען. ס'איז געוואָרען לעבעדיג אין אַלע דערפער. אָבער אָט די גאַנצע לעבעדיגקייט האָט ניט געהאַט די מינדסטע שייכות מיט אידעאַלען, אָדער מיט רעוואָלוציאָנערע שטרעבונגען. זי האָט זיך ניט אָנגעקעהרט מיט די פּראָגראַמען פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, ניט געהאַט אין זיך אפילו קיין אָנצוהערעניש אויף סאָציאַליזירונג, אָדער נאַציאָנאַליזירונג פון ערד און איז געווען זעהר ווייט פון דעם וואָס מען רופט אָן סאָלידאַריטעט און אחדות פון איין קלאַס מיט אַלע איינע אינטערעסען. פאַרקעהרט, אין אָט דער גאַנצער לעבעדיגקייט, אין אָט דער גאַנצער באַוועגונג האָט זיך גאָר געפיהלט דער שאַרף אויסגעשפּראָכענער גייסט פון אינדיווידואַליזם, און מען האָט געזעהן ווי איינער איז גרייט דעם אַנדערען איינצושלינגען אַבי פאַרכאַפּען פאַר זיך נאָך אַביסעל ערד. און טאָמער האָבען פויערים פון דאָרף געוואָלט אָפּקויפען די ערד ביים פריץ פון אַן אַנדער דאָרף, האָבען די פויערים געשריען און געמאַכט גוואַלדען: „זאָלען זיי נאָר פּרובירען קומען אַהער, וועלען מיר זיי די ביינער צוברעכען!"

אין אַלגעמיין האָט זיך דאַן אין דער שטימונג פונ'ם דאָרף געפיהלט דער אָפּקלאַנג פון יענער צייט, ווען מען האָט אָפּגעשאַפט די „פּאַנשטשינע" און די פויערים האָבען געדענקט, אַז מען דאַרף זיי אָוועקגעבען די גאַנצע ערד. אויך איצט זיינען זיי געווען אונטער דעם זעלבען איינדרוק; זיי האָבען געמיינט אַז ענדליך איז געקומען די צייט, ווען מען וועט צווישען זיי צוטיילען די ערד, וואָס מען האָט פריהער ניט צוטיילט. אַלע האָבען געטראַכט בלויז וועגען

זיך און וועגען זייער דאָרף, אָבער וועגען כלל האָט קיינער ניט גע־
טראַכט. אַזאַ זאַך איז גאָר קיינעם אין זינען ניט געלעגען.

די באַוועגונג איז, אַלזאָ, ניט געווען קיין רעוואָלוציאָנערע.
איך האָב דאָן גערעדט מיט אַ סך פּויערים אין דאָרף, און אַלע האָ־
בען גע'טענה'ט איינס און דאָס זעלבע:

„מיר ווילען אַלעם מיט גוטען און ניט מיט בייזען..." אָדער:
„ווער עס וויל אונז נאָר פאַרקויפען ערד אויף אויסצוצאָהלען, דעם
וועלען מיר קיין מאָל ניט פאַרגעסען און וועלען שטענדיג גאָט בע־
טען פאַר איהם."

פון אַלע זייטען האָט מען צו די פּריצים געשיקט שלוחים, זיי
זאָלען פאַרקויפען ערד; און טאָמער איז אַ פּריץ געווען ערגעץ
ווייט, האָט מען צו איהם געשיקט „פוסגעהער" מיט בקשות. בלויז
אין איינינע דערפער זיינען פאָרגעקומען בונטען, אָבער אין אַלגע־
מיין איז די באַוועגונג געווען אַ פריעדליכע. און אַזוי האָט זי זיך
געוואָרפען פון דאָרף צו דאָרף, און דאָן האָבען די פּריצים טאַקע
פאַרקויפט אַ סך ערד צו די פּויערים.

אַ סך אַרויסגעהאָלפען אין דעם האָט די באַנק, וואָס איז ספּע־
ציעל געגרינדעט געוואָרען צו גיבען הלואות די פּויערים צו קויפען
ערד. ביי זיך אין הארצען זיינען די פּויערים געווען זיכער, אַז די
באַנק וועט שפּעטער ביי זיי דאָס געלט ניט מאָהנען און ס'וועט
אויסקומען אַזוי, אַז די ערד וועט סיי ווי סיי בלייבען ביי זיי אין
די הענט.*)

ווען מען האָט אָנגעפאַנגען רעדען וועגען דער גאָסודאַרסט־
ווענער דומאַ און מען האָט געזאָגט די פּויערים, אַז די דומאַ וועט
אויפנעמען די ערד־פראַגע און וועט אפשר באַשליסען, אַז די
מלוכה זאָל אָפּקויפען די ערד ביי די פּריצים און זי פאַרטיילען צווי־
שען די פּויערים, זיינען זיי ניט געווען צופרידען דערפון. „אויב
אַזוי, — האָבען זיי גע'טענה'ט — וועט דאָך אויסקומען, אַז די
אָפּמאַכען וואָס מיר האָבען געשלאָסען מיט דער באַנק וועלען בטול
ווערען, און דאָס טויג ניט." דערווייל איז אַזוי אויך גוט." און זיי

*) ענטוישט האָבען זיי זיך ערשט מיט צעהן־צוועלף יאהר שפּע־
טער; די ערד פאַר וועלכער זיי האָבען ניט באַצאָהלט איבער דעם וואָס די
תבואה אויף די פעלדער איז ניט געווען געראָטען, האָט די באַנק אָפּגע־
נומען צוריק.

האָבען געהאַלטען אין איין שיקען שלוחים צו די פּריצים און זיך אַלץ געווענדעט מיט בקשות צו דער באַנק.

אין אַלגעמיין האָבען זיך די פּויערים באַצויגען זעהר גלייכ־גילטיג צו דער דומא. און ווען מען האָט מיט זיי אָנגעהויבען ריידען וועגען דעם, האָבען זיי פּאַרדרעהט מיט די נעז און געזאָגט: „ווער דאַרף זי? מיר האָבען ביז איצט געלעבט אָהן אַ דומא, און וועלען ווייטער לעבען אָהן איהר. קיין ישועות וועט זי פאַר אונז ניט ברענגען... עס וועט ווידער ווערען אַ פּלאָנטער און קיין טאָלק וועט אַלץ ניט זיין... וואָרים ווער וועלען דען זיין די דעפּוטאַטען? דרעה־קעפּ מיט גלאַטע צינגעלאַך און זיי וועלען פאַר אונז גאָר ניט טאָן.“ און פּונקט אַזוי ווי די זעמסטוואָ איז פאַר די פּויערים געווען פרעמד, אַזוי איז פאַר זיי געווען די דומא אויך.

מיט וויפיעל פּויערים איך האָב ניט גערעדט, האָב איך פון קיינעם ניט געהערט קיין איין וואָרט, וואָס זאָל באַווייזען אַז ער האָט אַ געפיהל פאַר געזעלשאַפטליכער, פּאָליטישער טהעטיגקייט און איז גרייט עפּעס צו טאָן דערפאַר, אַז אַנדערע זאָלען אויך האָ־בען אַ טובה דערפון. קיינעם פון זיי האָט זיך גאָר ניט געלעגט אויפ׳ן שכל, אַז אויב זיין אייגענע לאַגע וועט זיך פאַרבעסערען, וועט דערפאַר קומען אַ דאַנק נאָך טויזענדער אַנדערע פּויערים, ניט נאָר אין כריסטאָפּאַראָווקא, נאָר אויך אין זובאַרעווקא און נאַזימאָווקא און אין נאָך אַנדערע דערפער און דערפלאַך.

און דאָס אינטערעסאַנטסטע דערביי איז אָט וואָס: שפּעטער, ווען מען האָט שוין צונויפגערופען די ערשטע דומא און מען האָט גלייך אָנגעהויבען רעדען וועגען דעם, אַז מען וועט זי פונאַנדער־טרייבען, האָבען די פּויערים זיך אָנגעהויבען קאָכען: „דאָס וועלען זיי זיך ניט דערוועגען צו טאָן! — האָבען זיי געזאָגט. — אויב מען וועט צוטרייבען די דומא, וועט גאַנץ רוסלאַנד מאַכען אַ בונט!“ רוסלאַנד! פאַר איהם, פאַר דעם פּויער, וואָס האָט זיך מעהר פון אַלעמען געקאָכט, איז דאָס געווען אַ באַזונדער מין שטאַרקע און מעכטיגע זאַך, וואָס געפינט זיך ערגעץ ווייט־ווייט; ניט כריסטאָפּאַראָווקא, ניט ניקיפאָראָווקא, ניט וואַסיליעווקא, ניט נאַזימאָווקא און ניט די אַלע אַנדערע דערפער, וואָס געפינען זיך דאָ ניט ווייט...

מען וואָלט אפשר יאָ געווען געקענט צוקלאַפּען די גראָבע שאַלעכץ פון גלייכגילטיגקייט און פאַרשלאָפענקייט; אָבער דאָ־

רויף האט מען געדארפט א סך ארבייטען און אנפיהרען זעהר א שטארקע פראפאגאנדע. און איך בין מעהר ווי זיכער, אז ווען מען וואלט דאמאלסט געמעגט פריי אפהאלטען פארזאמלונגען און ריי־דען וואס מען וויל; ווען די וואהלען אין דער דומא וואלטען פאר־געקומען אונטער בעסערע, פרייערע אומשטענדען, וואלטען די פוי־ערים אין די דערפער געווארען מעהר פאליטיש ערצויגען.

איינמאל, אין א קאלטען ווינטער־טאג, ווען דאס גאנצע דארף איז געווען פארשאטען אין שנעע, איז צו מיר געקומען א דעפוטאצ־ציע פון דריי פויערים. אנגעטאן אין שווערע פעלצען מיט גרויסע פוטערנע קאלנערס, הויכע און ברייט־פלייציגע האבען זיי אויס־געקוקט ווי אמת'ע רוסישע ריעזען. אין יעדען ריהר זייערען האט זיך געפיהלט גבורה און שטארקייט. ווען די מוחות וואלטען נאר געארבייט ביי אזעלכע שטארקע ריעזען, וואלטען זיי וועלטען גע־קענט איבערקעהרען!...

געקומען זיינען זיי צו מיר אויסגעפינען איינינע נויטיגע ידיעות וועגען מיינע שוועסטער, וועלכע האבען געהאט ערד אין דארף און זיינען אליין ניט געווען אין דער היים. איך האב זיי געזאגט אלעס, וואס איך וויים וועגען דעם, און דערנאך ווען זיי זיינען שוין געווען גרייט אוועקצוגעהן, האב איך אנגעהויבען רע־דען וועגען פאליטיק און וועגען פארטייען, וועגען רוסלאנד און ווע־גען אויסלאנד, וועגען ארבייטער און וועגען פויערים; און דאן האב איך געזעהן, אז זיי פארשטעהען ניט א ווארט פון דעם, וואס איך רייד און קוקען אויף מיר ווי אויף א מאדנעם מענשען, וואס פלוידערט גלאט אין דער וועלט אריין.

איך האב אזוי געוואלט, אז זיי זאלען ווערען אויפגעקלעהרט און מעהר פארשטעהן אין פאליטיק, האב איך איינמאל אויסגע־קליבען א פארשטענדיגען פויער און האב איהם געגעבען עטליכע נומערען פון דער „דאנסקאיא ריעטש“, אנגעשריבען אין א זעהר פאפולערע שפראך. שפעטער האט ער זיי מיר אפגעגעבען צוריק און דערביי געמאכט אזא באמערקונג:

„איך פארשטעה ניט פארוואס דאס איז. איך האב פרובירט פארטיילען אט די בלעטלאך צווישען די פויערים, האט קיינער פון זיי ניט געוואלט נעמען... זיי זאגען, אז אזעלכע בלעטלאך זיינען אפשר גוט פאר די שטאדטישע, אבער ניט פאר די פויערים אין דארף.“

דאַן האָב איך גענומען די נומערען און אָנגעהויבען פאַרלעזען און פאַרטייטשען דעם פויער וואָס ס'איז מיר נאָר געקומען אונ־טער דער האַנט. דאָרטען האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אַלגעמיינער שטימרעכט און וועגען שטייערן. ערשט דאַן האָט דער פויער גע־עפענט די אויגען, אויף זיין פּנים האָט זיך אַ ברייטער שמייכעל פאַרשפּרייט און ער האָט געזאָגט: „אָט אַזוי! איצט פאַרשטעה איך וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך."

איך האָב מיט איהם גערעדט אַזוי לאַנג, אַז איך בין אַזש הייזעריג געוואָרען ריידענדיג; ווי ווייט איך האָב נאָר געקענט, האָב איך איהם געגעבען צו פאַרשטעהן זאַכען, וואָס זיינען פאַר איהם ניט געווען קלאָר, און ער איז מיר דערפאַר געווען אַזוי דאַנקבאַר, אַז דאָס פּנים האָט ביי איהם אַזש געשיינט פאַר פרייד. פאַר'ן אוועקגעהן האָט ער מיך געבעטען, אַז איך זאָל אַריינקומען צו איהם; ער וויל, אַז אַנדערע פויערים זאָלען אויך הערען וואָס איך האָב צו זאָגען. צום באַדויערען אָבער, האָב איך צו קיין סך מענ־שען אין דאָרף ניט געטאָרט ריידען, ווייל די פּאָליציי האָט געהאַל־טען אַן אויג אויף מיר.

און באַרעכענט! כאָטש איך בין געשטאַנען אונטער'ן אויפ־זיכט פון דער פּאָליציי און צוויי ספּעציעלע שומרים וואָס האָבען מיך פון אויג ניט אַפּגעלאָזט, האָב איך דאָך געפונען אַ מעגליכ־קייט צו געפינען איינעם, וואָס זאָל זיך אַזוי אויפמערקזאַם צוהע־רען צו דעם וואָס איך זאָג. און מיט עלף יאָהר שפּעטער בין איך געשטאַנען נאָך אונטער אַ שטרענגערען אויפזיכט. איך בין גע־ווען אַרומגערינגעלט מיט שפּיאָנען פון אַלע זייטען און האָב מיט קיינעם קיין וואָרט ניט געקענט אויסריידען. דאַן בין איך צופעליג אַריינגעקומען צו אַ באַקאַנטען פויער אין שטיבעל און דערזעהן ווי די ווענט זיינען באַקלעפּט מיט די צייטונגען, וואָס מיין שוועס־טער האָט אַמאָל פאַר איהם אויסגעשריבען. אויף איין צייטונג האָב איך באַמערקט דאָס וואָרט „סוואָבאָדאַ" (פרייהייט) מיט גרעסערע אותיות, האָב איך אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ און מיט אַ טאָן פון מוסר געזאָגט: „אָט וואו די פרייהייט שפּאַרט יעצט אַן!"

— און דאָס איז דאָס איינציגע פלאַץ, וואו זי איז געבלי־בען! — האָט מיר דער פויער געענטפערט.

אָבער כאָטש אונזער געגענד איז געווען אַזאַ פאַרוואָרפענער

און אזוי אפגעשטאנען פון געזעלשאפטליכער און פאליטישער טהעטיגקייט, האבען זיך אהין, עפעס ווי דורך א נס דאך פארטראגען די נייע אידעען און די נייע באגריפען, וואס זיינען געווארען צייטיג אין די גרויסע רוסישע צענטערן. זיי האבען זיך דערטראגען אהין, פונקט ווי די זריעה וואס די פייגעלאך פארטראגען אין די ווייטע לענדער דורך דעם ביסעלע ערד, וואס קלעפט זיך אן אן זייערע לאפקעלאך.

און איך בין ווירקליך געווען איבערראשט ווען איך האב איינמאל דערזעהן אין א צייטונג, אז די פויערים פון אונזער געגענד, דאס הייסט, פון טעטיושער אויעזד, האבען ארויסגעשטעלט פאר דער גאסודארסטווענער דומא א גאנצע רייהע פאדערונגען, צווישען וועלכע עס האט זיך זאגאר געפונען אזא פאדערונג ווי באפרייאונג פאר די פאליטישע ארעסטירטע.

נאך גרעסער איז געווען מיין איבערראשונג ווען איך האב זיך דערוואוסט, אז אין מיין דארף, אין ניקיפאראווא, האבען די פויערים, דורך זייער דעפוטאט אין דער דומא, אויך ארויסגעשטעלט אזעלכע פאדערונגען. גלייך נאכדעם איז געקומען פאליציי אויסגעפינען ווער עס איז געווען דער איניציאטאר פון די אויסגעארבייטע פאדערונגען, אבער מען האט גארניט געקענט אויסגעפינען, ווייל די פוירים זיינען געפאלען אויף א שכל און האבען ארויפגעווארפען די גאנצע שולד אויף דעם וואלאסטנאי שרייבער, וואס איז געשטארבען.

א באקאנטער פויער האט איינמאל מיט מיר פארפיהרט א געשפרעך וועגען די נייע ווינטען וואס האבען אנגעהויבען בלאזען, און דערביי האט ער געזאגט:

— פארשטעהט איהר מיך, ווערא ניקאלאיעוונא, מיר האבען זעהר מורא, אז פאר דער פעטיציע אין דער דומא זאל מען אונז, די אויפגעקלערטע פויערים פון דארף, נאך ניט פארשיקען קיין סיביר. מען וועט אונז זיכער פארשיקען. דער פריסטאוו איז צוגעשטאנען צו אונז; ער וויל אלץ וויסען ווער עס האט אונז אויפגעקלערט. טאמער וועט זיך עפים מאכען, זאלט איהר אונז ניט פארלאזען. מיר האבען זעהר מורא, אז אונזערע פאמיליעס זאלען נאך ניט בלייבען אהן ברויט.

— אך, גאט אין הימעל, — האט דער פויער געזיפצט. — מיך וועט מען פארשיקען און מיין טאכטער וועט בלייבען אהן בילדונג.

„און ווי אלט איז אייער טאָכטער?" — האָב איך געפרעגט, בארוהיגענדיג איהם, אז ער זאָל גאָר קיין מורא ניט האָבען, ווייל פאַר אזא זאַך ווי שיקען א פעטיציע אין דער דומא, באַשטראָפט מען ניט מיט סיביר.

ער האָט זיך אָבער אַלץ ניט געקענט בארוהיגען, און ווען ער האָט מיר געזאָגט ווי אלט זיין טאָכטער איז, האָב איך זיך ניט ווילענדיג צולאכט, ווייל עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז זי איז א קינד פון צוויי יאָהר.

די מורא פאַר סיביר איז געווען אומזיסט. מען האָט די פויערים פון אונזער דאָרף ניט געטשעפּעט. און וואָס שייך דער צוויי־יאָהריגער טאָכטער, איז זי אונטערגעוואַקסען און איז אריין אין דער זעמסקער שקאָלע. צום באַדויערן אָבער האָב איך זיך שפּעטער דערוואוסט, אז איהר פאָטער, וועלכער האָט זיך אזוי שטאַרק געזאָרגט פאַר איהר „בילדונג" ווען זי איז אלט געווען צוויי יאָהר, האָט זי ניט געלאָזט ענדיגען די שקאָלע. „גענוג בילדונג פאַר איהר!" — האָט ער געזאָגט.

מיר אַליין איז אָבער געווען זעהר אינטערעסאנט אויסצוגעפינען ווי אזוי די פויערים פון אונזער דאָרף האָבען זיך דאָך דערטראָכט ארויסצושטעלען אין דער דומא אַזעלכע פאָדערונגען דורך זייער ערוועהלטען דעפּוטאַט. האָב איך איינמאָל אומיסטען פאַרפיהרט א געשפּרעך וועגען דעם מיט דעם האַלץ־האַקער, וואָס האָט געאַרבייט ביי אונז, ווייל איך האָב געוואוסט, אז ער איז אויך געווען אויף דער פאַרזאַמלונג, וואו די פאָדערונגען זיינען אויסגעאַרבייט געוואָרען.

— ווייסט איהר וואָס ס'איז אַזוינס אַמנעסטיע? — האָב איך איהם געפרעגט.

האָט ער זיך אָנגעהויבען דרעהען אין אַלע זייטען און ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. אָבער ווען איך האָב איהם געגעבען צו פאַרשטעהן וואָס דאָס איז, האָט ער מיר פאַרטאַקעוועט:

— יאָ, יאָ, דאָס ווילען מיר.

דאָס זעלבע איז געווען ווען איך האָב איהם געשטעלט די פראַגע: וואָס איז אַזוינס דער „גאָסודאַרסטוועני סאָוועט". ער האָט דאָס געוואוסט, אָבער עס האָבען איהם פשוט אויסגעפעהלט די נויטיגע ווערטער צו ערקלערען.

— ווי אזוי זשע איז אייך איינגעפאַלען אויסצואַרבייטען און

אוועקשיקען אין דער דומא אזעלכע פאָדערונגען? — האָב איך איהם געפרעגט.

דער האַלץ־האַקער האָט מיר א קוק געטאָן גלייך אין די אויגען.

— וואָס פארשטעהט איהר דאָ ניט, ווערא ניקאָלאַיעווגא! ווען מיר זיינען איינמאָל געקומען צו אייך ריידען וועגען דער ערד, וואָס באַלאַנגט צו אייערע שוועסטער, האָט איהר דאָך אַליין אונז געזאָגט, אז איבער גאַנץ רוסלאַנד שיקט מען איצטער אזעלכע פאָדערונגען אין דער דומא, און אז וואָס מעהר אזעלכע פאָדערונ־גען מען וועט שיקען, אַלץ בעסער וועט דאָס זיין פאר אונז.

ערשט דאַן האָב איך זיך דערמאָנט אָן די דריי פויערים־ריע־זען, וועלכע זיינען געווען ביי מיר אין כריסטאָפאָראָווקא, און עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אז איינער פון זיי איז געווען דער האָלץ־האַקער.

זיין ענטפער איז פאר מיר ווירקליך געווען א פרייד. עס איז מיר געפעלען, וואָס זיי האָבען אזא פעטיציע אוועקגעשיקט און עס איז מיר אויך געפעלען, וואָס זיי האָבען מיך ניט אויסגעגעבען. ערשט דאַן האָב איך איינגעזעהן, אז עס האָט זיך מיר אומזיסט אויסגעוויזען, אז זיי פארשטעהען ניט וואָס איך רעד צו זיי.

די גאַנצע געשיכטע מיט דער פעטיציע אין דער דומא האָט זיך איינגעשטילט, און עס איז זעהר מעגליך, אז די פאָליציי האָט וועגען דעם געמאַכט אזא טאַראַראַם, ווייל זי האָט מיך געוואָלט כאַפּען ביי דער האַנט און מיך ווידער פארשפאַרען אין טורמע.

מיט עטליכע טעג שפּעטער איז צו מיר ווידער געקומען דער פויער, וואָס האָט זיך אזוי געשראָקען, אז זיין טאָכטער זאָל ניט בלייבען אָהן בילדונג, און קוקענדיג אויף מיר מיט עפּיס אזעלכע מאָדנע, אונפארשטענדליכע בליקען האָט ער געזאָגט:

— איצט, ווערא ניקאָלאַיעווגא, וועל איך שוין האַנדלען אַנ־דערש. איינגאַנצען אנדערש.

— ווי אזוי אנדערש? — האָב איך איהם נייגיעריג געפרעגט.

— דאָס קען איך אייך ניט זאָגען. — האָט ער געענטפערט.

וויפיעל איך האָב איהם ניט געבעטען, ער זאָל מיר זאָגען ווי אזוי ער וועט איצט האַנדלען, האָט ער אַלץ ניט געוואָלט. און מיר איז דאַן איינגעפאַלען, אז ער טראַגט זיך אַרום מיט א שלעכטען געדאַנק. אפשר האָט ער גאָר באַשלאָסען איבערצוגעהן אין שונא'ס לאַגער?

מיט א צייט שפעטער האט ער איבערגעלעזען די רעדע, וואס איך האב געהאלטען אין געריכט, איידער מען האט מיך פאר'משפט צום טויט. די רעדע האט ביי איהם ארויסגערופען א וועלט מיט באגייסטערונג. ער האט מיר ווארים די האנט געדריקט. אבער דעם „נייעם וועג", וואס ער האט זיך אויסגעקליבען, האט ער מיר אלץ ניט געזאגט.

עס זיינען אוועק ניין יאהר און איך האב זיך מיט איהם ווידער געטראפען אין ניקיפאראווא, און ווען איך האב זיך מיט איהם צורעדט, האט ער מיך ווידער איבערראשט מיט א נייעס.

— ווערא ניקאלאיעוונא, — האט ער געזאגט, — פאר די אלע יאהרען וואס מיר האבען זיך ניט געזעהן, האב איך געוואנדערט איבער דער גרויסער וועלט; א סך געזעהן, א סך געהערט, מיט פארשידענערליי מענשען זיך געטראפען, און איצט האב איך באשלאסען צו ווערען אן א י ב ע ר ־ מ ע נ ש. מיט די עלענבויגענס אין דער ברייט וועל איך זיך דורכשפארען מיין וועג אין לעבען. קיין רחמנות וועל איך מעהר ניט האבען אויף אט די אלע לומפען. זיי פארדיענען דאס ניט. וואס מען טוט זיי איז נאך אלץ ווייניג... עך, ווערא ניקאלאיעוונא! דאס גאנצע לעבען אייערס האט איהר אוועקגעגעבען! און פאר וועמען? פאר אט די כלבים? פאר אט די בהמות?

— וואס טוט זיך מיט אייך? — האב איך זיך געוואונדערט. — ווי קומען צו אייך אזעלכע געדאנקען? און וואס איז אייך עפים אין מיטען דערינען אנגעקומען א חשק צו ווערען אן א י ב ע ר ־ מ ע נ ש?

— איך האב א ראמאן איבערגעלעזען. — האט ער געענטפערט. — און דארטען איז דא איינער אן א י ב ע ר ־מענש...

מיט וואס ביי אט דעם פויער האט זיך אויסגעדריקט דער באגריף וועגען אן איבער־מענש, וויים איך ניט. אבער פונקט אין יענער צייט האט מען מיר איבערגעגעבען, אז ער האט אנגעהויבען באהאנדלען זעהר שלעכט זיין אלטע מוטער און זיין טאכטער האט ער ארויסגענומען פון דער שקאלע און ארויפגעווארפען אויף איהרע פלייצעס די גאנצע ארבייט אין הויז.

דאס איז געווען אין 1915, ווען איך האב זיך אומגעקערט צוריק פון אויסלאנד, און נאך דער רעוואלוציע, ווען עס זיינען געגרינדעט געווארען די ערד־קאמיטעטען און מען האט דערנאך די ערד

נאַציאָנאַליזירט, האָט מען מיר דערצעהלט, אַז ער, דער פריש גע־
באַקענער איבער־מענש, האָט אָנגעהויבען שפּיעלען אַ גרויסע ראָלע
און איז געוואָרען דער הויפּט מאַכער אין ניקיפּאָראָוואָ.

---

איינמאָל איז צו מיר געקומען אַ יונגער פויער פון אַ יאָהר
23. ער האָט זיך געשלעפּט צוואַנציג וויאָרסט צופוס ביז ער איז
געקומען צו מיר. מיך האָט דאָס געוואונדערט. אַן איינפאַכער
פויער און דאָך האָט ער געהערט וועגען שליסעלבורגער פעסטונג
און וועגען די מענשען, וואָס זיינען דאָרטען געווען פאַרשפּאַרט.

כדי איך זאָל זעהן, אַז ער איז ניט אַבי ווער, האָט ער מיר
געוויזען אַ גרויסע פאָטאָגראַפישע בילד פון איינינגע טוער פון דער
„נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ". די בילד האָט ער געקויפט אין קאַ־
זאַן פאַר פינף קאָפּיקעס. „אָט איז זשעליאַבאָוו", האָט ער אָנגע־
וויזען מיט'ן פינגער. „אָט איז סאָפיע פּעראָווסקאַיאַ און אָט זיינט
איהר". דערנאָך האָט ער מיך גענומען איבערפרעגען ווי אַזוי מיר
האָבען געלעבט אין שליסעלבורגער פעסטונג, און ווען איך האָב
איהם דערצעהלט איינינגע זאַכען, האָט ער אַ זיפץ געטאָן און גע־
זאָגט: „אָט וואָס איהר האָט אַריבערגעטראָגען פאַר אייער אי־
דעאַל! און מיר וואָס? ! מיר זיינען גאָרניט. מיר האָבען אַלץ
מורא פאַר אונזער פעל, און ווען מיר דערזעהען אַ פּאָליצעיסקע,
הויבען מיר אָן ציטערען!" און דאָ האָט ער מיר דערצעהלט וועגען
אַ צוזאַמענשטויס, וואָס איז פאָרגעקומען ביי איהם אין דאָרף.

דער פויער האָט געמאַכט אַ גאַנץ גוטען איינדרוק און עס
האָט געשיינט, אַז ער איז פון די אויפגעקלערטע. ער האָט מיר־
דערצעהלט, אַז ביי זיי אין דאָרף איז קיין ביבליאָטעק נישטאָ, און
דאָך איז ער ניט דער איינציגער אויפגעקלערטער פויער דאָרטען;
עס זיינען פאַראַן אודאי נאָך פופציג אַזעלכע ווי ער. אין אַלגע־
מיין איז געווען גאַנץ אָנגענעם צו ריידען מיט איהם.

דער גוטער איינדרוק איז אָבער פאַרשטערט געוואָרען, ווייל
ביים געזעגענען זיך מיט מיר, האָט ער מיך געבעטען, איך זאָל
איהם געבען געלד צו קויפען אַ קוה.

מיט אַ שטיק צייט שפּעטער, ווען איך בין געווען אין אויס־
לאַנד, האָב איך זיך דאָרטען געטראָפען מיט דעם רוסישען היס־
טאָריקער שישקאָ, און צוריידענדיג זיך מיט איהם וועגען דער

פּסיכאָלאָגיע פון פּויערים, האָב איך איהם דערצעהלט דעם פאַל מיט דעם פּויער, וואָס האָט ביי מיר געבעטען געלד אויף א קוה. שישקאָ׳ן האָט דאָס שטאַרק פאַרדראָסען און ער האָט אָנגעהויבען שרייען: „איך וואָלט איהם אָנגענומען פאַר׳ן קאַרק און וואָלט איהם ארויסגעוואָרפען!“

איך האָב אָבער געהאַט אַן אַנדער מיינונג וועגען דעם. איך בין געווען זיכער, אַז דער פּויער איז גערעכט; אַז ער האָט טאַקי געמיינט, וואָס ער האָט געזאָגט; אָבער וואָס האָט ער זיך געקענט העלפען, אַז ער איז פאַרט אויף צרות, אַז ער איז אָרים ווי דער טויט און האָט אַ קליינע, דריי־יאָהריגע מיידעלע, וואָס דאַרף טרינקען מילך! ער אַליין האָט מיר דערצעהלט ווי דאָס קינד בעט זיך ביי איהם: „טאַטע, קויף אַ קוה. כאָטש אַ קליין קיהכעל!“

קיין געלד אויף אַ קוה האָב איך איהם ניט געגעבען.

---

אין כריסטאָפּאָראָווקא — ווי מיר האָט זיך אויסגעוויזען — איז אַלעס געווען שטיל און רוהיג. אָבער פון דעם ארומיגען געגענד האָבען זיך אַלץ אָפטער און שטאַרקער געטראָגען קלאַנגען וועגען שטורמדיגע צייטען.

מען האָט דערצעהלט, אַז אויף דעם מאַיאָנטעק פון דעם פּריץ טערעניו, אויף דער גרענעץ פון טעטיושער און בואינסקער אויעזדען, זיינען פאָרגעקומען „אַגראַרנע בונטען“; די פּויערים האָבען פאַר־שפּאַרט דעם פּריץ אין זיין הויף און מיט גוואַלד איהם געצוואונגען, ער זאָל זיי אָוועקגעבען אַ טייל פון זיין ערד.

ביים פּריץ קריוואָשעאין האָבען די פּויערים אַליין אַראָפּגע־נומען די תבואה פון זיינע פעלדער און זי אָוועקגעפיהרט צו זיך אין די שייערס. די פּאָליציי האָט געראַטען דעם פּריץ זיך ניט צו שטעלען אַקעגען און בעסער אָנגעבען אין געריכט.

אין ליודאָנאָווקא האָט דער גובערנאַטאָר ארויסגעשיקט אַ ראָ־טע סאָלדאַטען, ווייל אויף דעם מאַיאָנטעק פון דעם פּריץ צעלשערט האָבען די פּויערים צוגענומען ערד און מיט׳ן הארבען וואָרט גע־לאָזט וויסען, אַז זיי וועלען די ערד בשום אופן ניט אָפּגעבען.

אין טעטיושי איז די מורא געהאַנגען איבער׳ן קאָפּ, ווייל די ארבייטער האָבען געוואָרענט, אַז אויב מען וועט זיי ניט גיבען די ארבייט ביי דער וואָלגאַ און מען וועט נעמען וויאַטיטשען אויף

זייער אַרט, וועלען זיי באַפאַלען די הייזער פון די פּאָדריאַדטשיקעס. דער איספּראַווניק האָט זיך געמוזט אַריינמישען און מאַכען אַ פּשרה.

ביים האַפען אין טעטיושי איז פאָרגעקומען אַ סטרייק. די אַרבייטער האָבען געפאָדערט, מען זאָל זיי צאָהלען העכערע שכירות, און מען האָט זיי געמוזט נאָכגיבען.

אָט די אַלע און עהנליכע פאַקטען זיינען אין דער אמת'ן געווען ניט אַזוי גרויס, אָבער אויף דער שטילער און רוהיגער באַ־פעלקערונג האָבען זיי געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק; מען האָט געזעהן, אַז דער גייסט, וועגען וועלכען לעאָניד אַנדרעיעוו רעדט אין זיין ערצעהלונג „סאַשקאַ זשעגוליאָוו", שפּאַנט מיט שטילע טריט איבער דער רוסישער ערד און פאַרשפּרייט בונטען און אומ־רוהען, און דרינגט אַריין אין די פאַרוואָרפענסטע ווינקעלאַך.

דער קאָנטראַסט צווישען דאָרף און שטאָדט איז אַרויס שאַרף אין דער צייט פון די אָקטאָבער־אומרוהען, ווען מען האָט אַרויס־געגעבען דעם מאַניפעסט וועגען פרייהייט. אין דאָרף האָט מען ניט געפיהלט, אַז די אייזענבאַהנען אין לאַנד האָבען זיך אָפּגעשטעלט, ווייל עס זיינען דאָרטען קיין אייזענבאַהנען ניט געווען; אין דאָרף האָט מען ניט געקענט זעהן קיין מאַרשירענדע סטודענטען און אַרבייטער; מען האָט ניט געפיהלט דאָס אָנקומען פון דעם שטורם; מען האָט זיך ניט געקאָכט, מען האָט זיך ניט געטומעלט; עס האָט זיך דאָרט ניט געפיהלט קיין פאַראייניגונג פון כחות, וואָס שטרעבען צו איין ציעל און אַרבייטען פאַר איין אידעאַל.

ווען מען האָט אַרויסגעגעבען דעם מאַניפעסט וועגען אַ קאָנ־סטיטוציע, האָט זיך אין שטאָדט ביי אַלעמען אַ פרייד אַרויסגע־ריסען פון הארצען. „לעבען זאָל די פרייהייט!" האָט מען אין אַלע גאַסען געשריגען. די צייטונגען האָבען אַלעמען די גרויסע בשורה אָנגעזאָגט; מענשען האָבען אין די הייזער ניט געקענט איינזיצען, מען איז געלאָפען איינער צום אַנדערען זיך טיילען מיט דער גרויסער פרייד, מען האָט זיך געקושט אין די גאַסען.

און אין דאָרף איז דאַמאָלט געווען שטיל און פוסט. קיינער האָט זיך ניט געטומעלט און אין גאַס האָט מען ניט געקענט זעהן אפילו קיין סימן פון פרייד.

ווען מיין שוועסטער איז געקומען צו מיר פון ניזשני־נאָווגאָ־ראָד און דערצעהלט וואָס ס'האָט זיך דאָרטען אָפּגעטאָן אין די

פרייהייטס־טעג, האָב איך ניט אויפגעהערט טראַכטען וועגען דעם און מיר האָט זיך פאַרגעשטעלט, אז עס זיינען פאַרגעקומען פונקט אזעלכע סצענעס ווי אין פּאַריז אין דער צייט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע: מאַסען מענשען מאַרשירען איבער די גאַסען, הונדערטער און טויזענטער מענער און פרויען באַגריסען מיט פרייד די פרייהייט...

און אין אַזאַ צייט בין איך געווען אין דאָרף!



„באבושקא"

ווען איך האָב אין אַ בריעף צו יעקאַטערינאַ ברעשקאָווסקאַיאַ איבערגעגעבען, וואָס איך פיהל, זיצענדיג אין דאָרף אין אַזאַ צייט, האָט זי צו מיין שוועסטער געזאָגט: „פיהרט וועראַטשקאַ'ן אַרויס פון דאָרטען. פיהרט זי אַרויס וואָס שנעלער, ווייל זי האָט שוין פיינט געקראָגען דאָס דאָרף." *)

*) די ברעשקאָווסקאַיאַ האָט דאַן אונלעגאַל אָנגעפיהרט אַ פּראָפּאַ־גאַנדע אין טשעטשערער אויעזד און געוואוינט ביי מיינער אַ חבר'טע, אַיוו־נע אַ זנאַמענסקאַיאַ, מיט וועמען איך האָב צוזאַמען געלערנט אין אינס־

אבער דאָס איז ניט געווען ריכטיג. איך האָב דאָס דאַרף ניט פיינט געקראָגען. עס איז ניט מעהר, איך האָב איינגעזעהן, אַז עס איז נישטאָ אַזאַ זאַך ווי א י י ן רוסלאַנד, נאָר אַ סך פאַרשיעדענע רוסלאַנדס; אייניגע געהען פאָראויס און אַנדערע בלייבען הינטער־שטעליג, אייניגע זיינען באַוועגליך און אַנדערע ניט, און אַז עס וועט נאָך געדויערן זעהר אַ סך ביז רוסלאַנד וועט ווירקליך זיין איינע און וועט שטרעבען צו איין גרויסען ציעל, צו איין הויכען אידעאַל.

---

טיטוט. אין יענער צייט האָב איך די ברעשקאָווסקאַיאַ געזעהן דאָס ערש־טע מאָל, ווייל ווען איך בין אין 1876 געקומען קיין רוסלאַנד פון בער־נער אוניווערסיטעט, איז זי שוין געזעסען אין טורמע, און נאָכ'ן פּראָ־צעס פון די 193 האָט מען זי פאַרשיקט קיין סיביר. אָבער ווען מענשען הערען אַ סך איינער פונ'ם אַנדערען, ווערען זיי באַפריינדעט ביי דער ערש־טער באַקאַנטשאַפט. מיר האָבען פאַרבראַכט א פּאָר שטונדען זעהר אינטע־רעסאַנט. די „באַבושקא“ פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָט גערעדט וועגען דער פילאָסאָפישער באַגרינדונג פון דער פּראָגראַמע פון די סאָ־ציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, און איך האָב גערעדט וועגען דעם ווי שווער עס איז מיר איצט צו זיין אין דאָרף.

## עלפטער קאפיטעל.

### דאָס אַריבערפאָהרען קיין ניזשני.

ווי שווער מיר איז געוועז אויפ'ן הארצען איידער מיין שוועסטער יעווגעניאַ איז געקומען צו מיר קיין כרים־טאַפּאַראַווקאַ, קען מען זעהן פון דעם ניט דערענ־דיגטען און ניט אַוועקגעשיקטען בריעף, וואָס איך האָב דאָן אָנגעשריבען צו מיין פריינד מיכאַאיל אַשענברענער. דעם בריעף האָב איך אָנגעשריבען דעם 16טען סעפּטעמבער, 1905. צופעליג איז ער ניט פאַרלאָרען געוואָרען און איך גיב דאָ איבער אַן אויסצוג פון איהם.

„מיר איז דאָ אַזוי ניט צום הארצען, אַז עס טוט מיר שוין באַנג, וואָס איך האָב גאָר דערלאָזט דערצו, אַז מען זאָל זיך סטאַרען מיך אַריבערצוברענגען אַהער פון אַרכאַנגעלסק. ווען נאָר ניט דער שלעכטער וועטער אין ניאָנאָקסאַ — דאָס האָט ער מיך פון דאָרטען פאַרטריבען! מיין לעבען איז דאָ פּוסט, ווייל דאָ האָב איך זיך נאָך מעהר איבערצייגט ווי אָפּגעוועהנט איך בין שוין פון דעם געוועהנליכען לעבען. איך פיהל זיך דאָ אַזוי איינזאַם און עלענד, אַז עס איז אַ שרעק. דאָרטען איז ניט געוועזן אַזוי. דאָרטען האָב איך געקענט זאָגען: „קומט צו מיר!“ — און מען איז געקומען. פון אַלע זייטען איז מען צו מיר געגאַנגען, צי איך האָב יאָ גערופען, צי ניין; די אַלע, וואָס האָבען זיך אומגעקערט צוריק פון די גע־גענדען, וואו זיי זיינען געוועזן פאַרשיקט, האָבען מיך אויסגעזוכט, זיינען געקומען זיך זעהן מיט מיר, ווייל ניאָנאָקסאַ איז געוועזן אַן אָרט, וואו פאַרשיקטע שטעלען זיך אָפּ. אויך פון אַרכאַנגעלסק איז מען צו מיר געקומען. קיינמאָל אין מיין לעבען האָב איך זיך ניט געפיהלט אַזוי עלענד און איינזאַם ווי דאָ — סיידען אפשר איידער

מען האָט מיך אַרעסטירט.*) פון דער צייט ווען איך בין געווען אין שליסעלבורגער פעסטונג איז שוין אַפּגערעדט! ווי האָט דאָרטען געקענט זיין אַ פראַגע וועגען עלענד און איינזאַמקייט, ווען אונטען זיינען געווען די חברים נאָוואָרוסקי און לוקאַשעוויטש, און פון ביידע זייטען מאָראָזאָוו און אַנטאָנאָוו. און חוץ דעם האָב איך אין אַלגעמיין אַלעס פאַרלאָרען אין לעבען. ניטאָ קיין אויפגאַבע, ניטאָ קיין ציעל, און אָהן דעם איז דאָס לעבען שרעקליך פוסט! די ערשטע צייט איז מיר אַלץ אויסגעקומען צו הערען, אַז איך דאַרף זיך שעצען גליקליך דערמיט וואָס איך בין אַרויס פון טורמע אין אַזאַ צייט, ווען עס פיהלט זיך דאָס בלאָזען פון נייע ווינטען. איך אַליין האָב אויך געמיינט, אַז איך דאַרף זיך שעצען גליקליך דערמיט. אָבער איך האָב זיך אָפּגענאַרט; אַלע האָפענונגען מיינע זיינען פאַרשוואונדען. אין דעם פּלאַץ, וואו איך וואוין, פיהלט זיך גאָר ניט דער דופק פון דעם נייעם לעבען. און חוץ דעם, ווען עס זאָלען שוין אַפילו פאַרווירקליכט ווערען די אַלע טרוימען, מיט וועלכע דער רוסישער מענש טראָגט זיך אַרום, וואָלטען מיר דען אויפגעלעבט? אויף מיין עהרען-וואָרט, איך ווייס אַליין ניט פאַר־וואָס דאָס איז, אָבער איך מוז זאָגען, אַז איך פיהל זיך דאָ אַ סך ערגער ווי אין דער שליסעלבורגער פעסטונג."

אַ דאַנק דעם מאַניפעסט פונ'ם 17טען אָקטאָבער, זיינען פון שליסעלבורגער פעסטונג באַפרייט געוואָרען מיינע אַלטע חברים, און דאָס איז פאַר מיר ווירקליך געווען אַ גרויסע פרייד; איך האָב געפיהלט פונקט אַזוי ווי אַ שווערער באַרג וואָלט אַראָפּ פון מיינע פּלייצעס און מיין געוויסען האָט מיך מעהר ניט געדאַרפט פּלאָגען וואָס איך בין פריי און זיי ניט.

פון שליסעלבורג האָט מען מיינע אַלטע פריינד אַריבערגע־פיהרט אין דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג און דאָרטען האָבען זיי זיך געפּרעהט מיט די פרעהליכע נייעס וועגען די „פרייהייטס־טעג". דערנאָך האָט מען זיי אינגאַנצען אַרויסגעלאָזט פריי און זיי זיינען זיך צופאָהרען, יעדער איינער אין זיין היים.

מיר האָט דער פּאָליציי־דעפּאַרטמענט אין אָנפאַנג אָנגעבאָטען אַ פּאַספּאָרט, אַרויסצופאָהרען קיין אויסלאַנד, אָבער באַלד האָט

*) אָסיען צייט זיינען זיך אַלע מיינע אייגענע צופאָהרען אין די שטעדט, וואו זיי האָבען געוואוינט און איך בין געבליבען אַליין.

ער חרטה געהאט און מיר געגעבען די ערלויבניש ארויסצופאהרען פון כריסטאפאראווקא קיין ניקיפאראווא און זיך באזעצען ביי מיין ברודער אויף זיין מאיאנטעק, און אויב איך וויל, זאל איך ארויס־פאהרען קיין ניזשני־נאווגאראד און זיך באזעצען ביי מיין שוועס־טער יעווגעניא.

אין שטאדט אריין האט מיך דאן געצויגען מעהר ווי אין דארף, און איך האב באשלאסען צו פאהרען קיין ניזשני־נאווגאראד.

די צוויי באוואפענטע וועכטער האט מען פון מיר צוגענומען, און דאן האב איך ווירקליך פרייער אפגעאטעמט. דאס ערשטע מאל נאך שליסעלבורג בין איך געפאהרען אהן „באגלייטער“.

אויפ׳ן וועג קיין ניזשני־נאווגאראד, האב איך זיך, צוזאמען מיט מיין שוועסטער, אפגעשטעלט אין קאזאן, און דארטען בין איך אריין צו דעם באריהמטען פראפעסאר דארקשעוויטש, ער זאל אונטערזוכען מיינע נערוועז, ווייל מיר האט זיך אלץ אויסגעוויזען, אז זיי זיינען אזוי צושרויפט און צורודערט, אז איך וועל בשום אופן ניט קענען אריבערטראגען דאס ראשיגע און טומעלדיגע לעבען אין שטאדט.

דער פראפעסאר האט מיך גוט אויסגעהערט און דערנאך האט ער געזאגט, אז איך ד א ר ף ז י ך באזעצען אין שטאדט, אז איך ד א ר ף ז י ך צוגעוועהנען צ ו ם ל ע ב ע ן און ניט אנטלויפען פון דעם. אבער א ר י י נ מ י ש ע ן ז י ך אין לעבען — דאס דארף איך ניט. אקטיוו טאר איך ניט זיין; איך דארף בלויז שטעהן פון דערווייטענס און זיך באגנוגענען דערמיט וואס איך זעה ווי אנדערע ארבייטען. און אויב איך וועל טאן דאס וואס ער הייסט, פארזיכערט ער מיך, אז אין פינף יאהר ארום, וועל איך זיין אינגאנצען געזונד.

„אויך שרייבען טארט איהר ניט, — האט מיר דער פראפע־סאר אנגעזאגט. — עס קען זיין, אז די געזעלשאפט וועט טאקע א סך פארלירען איבער דעם וואס איהר וועט א י צ ט ניט שרייבען אייערע מעמוארען, אבער איהר מוזט פאלגען און ניט שרייבען א י צ ט “...

אויסגעהערט דעם פראפעסאר, בין איך צוזאמען מיט מיין שוועסטער אוועקגעפאהרען קיין ניזשני־נאווגאראד.

מיין שוועסטער איז געווען פאראנטוואָרטליך פאר מיר צום פאליציי־דעפארטמענט, ווייל ווען מען האט צוגענומען פון מיר די

צוויי באוואפענטע ווערכטער, האט מען מיך איבערגעגעבן אין איהרע הענט און אויף איהר אחריות. איז, ווי אויף צו להכעיס, האט זיך גראד געדארפט מאכען אזוי, אז אויפ׳ן וועג קיין ניזשני־נאווגאראד זאל זי מיך פארלירען...

געשעהן איז דאס אזוי: אויף איינער פון די סטאנציעס, פאר ניזשני־נאווגאראד, בין איך ארונטער אויפ׳ן וואקזאל געבען א טרונק וואסער און דארטען האב איך דערזעהן ווי א יונגע מאמע וויקעלט א קליין קינד. דאס קינד איז געווען זעהר א שעהנס, האב איך זיך אנגעהויבען שפיעלען מיט דעם, און אזוי ווי איך בין בכלל געווען אפגעוועהנט פון אזא זאך ווי פאהרען אליין מיט׳ן באהן אהן וועכטער, האב איך פשוט ניט געוואוסט ווי צו זיין פינקטליך אין אזא פאל, און ווען מען האט געגעבן דעם לעצטען קלונג, האב איך ניט געוואוסט, אז דאס האט א שייכות צו מיר אויך, האב איך זיך ווייטער געשפיעלט מיט׳ן קינד, און ווען איך בין דערנאך ארויס אויף דער פלאטפארמע, איז שוין דער באהן ניט געווען.

אין גרויס פארלעגענהייט בין איך געבליבען שטעהן און ניט געוואוסט וואס צו טאן. ווארטען אויף אן אנדער צוג, וואס געהט קיין ניזשני, האב איך געדארפט ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי פיער און צוואנציג שטונדען. אין קעשענע האב איך געהאט ניט מעהר ווי דריי רובעל, אין דרויסען איז געווען ניט זעהר ווארים, און אויב פאהרען קיין ניזשני מיט א שליטען, וועל איך זיך דארפען שלעפען אין דער קעלט ניט ווייניגער ווי א פערציג וויארסט.

וואס זשע טוט מען?

און דא דערצעהלט מען נאך, אז חוץ דעם וואס דער וועג איז א שלעכטער, איז דארטען גלאט א מורא צו פאהרען; מען קען מיך נאך דער׳הרג׳ענען אויפ׳ן וועג!

דאך האב איך באשלאסען, אז וואס ס׳וועט זיין, זאל זיין — איך פאהר.

ביים וואקזאל זיינען געשטאנען א סך שליטענס, בין איך צו־געגאנגען צו איינעם פון די אנטרייבער און איהם אנגעבאטען דריי רובעל, ער זאל מיך אפפיהרען קיין ניזשני־נאווגאראד. באלד איז ארום מיר געווארען א טומעל; א צעהנדליג בעלי־עגלות האבען מיך ארומגערינגעלט און יעדער איינער פון זיי האט געוואלט זיין דער גליקליכער און כאפען דאס דרייערל. זיי האבען זיך ניט גע־

קענט איינטיילען מיט דעם גרויסען „גליק" און עס איז געבליבען, מען זאָל ווארפען גורל. יעדער איינער האָט אין א פוטערנער קוטש־מע אריינגעלעגט א מטבע, און דער רעזולטאַט פון דעם גורל איז געווען, אז „געוואונען" האָט מיך א קליין אָנטרייבערל, א אינגעל פון א יאָהר עלף־צוועלף. און ווען איך האָב דאָס דערזעהן, האָב איך פּראָטעסטירט; איך וויל ניט פאָהרען אזא ווייטען וועג מיט א אינגעל, א שנעק, וואָס קען נאָך פארבלאָנדזשעט ווערען און וועלכער ווייסט אודאי ניט ווי אזוי זיך צו ספּראַווען מיט א פערד.

האָט מען ווידער אמאָל געוואָרפען גורל, און דאָס מאָל האָב איך שוין געהאַט מעהר מזל; „געוואונען" האָט מיך א פיינער, יונגער פויער, דער זוהן פונ'ם דאָרפישען „סטאַראָסטאַ".

אין דרויסען איז געווען א שטאַרקער פראָסט, איינער פון יענע פרעסט, וואָס שטעלען זיך אָפּ אין די ערשטע טעג פון יאַנואר. פאָהרען האָב איך געדאַרפט לאַנג און קאַלט איז מיר געווען אזוי שטאַרק, אז עס האָט מיר אזש געקלאַפּט א צאָהן אָן א צאָהן.

— אפשר האָט איהר א קאָלדרע? — האָב איך געפרעגט דעם אָנטרייבער.

— אודאי האָב איך א קאָלדרע! — האָט ער געענטפערט, און איז אוועק אהיים זי ברענגען.

כדי מיין שוועסטער זאָל ניט זיין אומרוהיג, האָב איך גע־בעטען דעם הויפּט פון דער סטאַנציע, אז אויב ער וועט פון איהר קריגען א טעלעגראַמע מיט אַן אָנפראַגע וועגען מיר, זאָל ער זי באַרוהיגען.

מיט א פּאָר מינוטען שפּעטער איז מיין אָנטרייבער געקומען, און ווען איך האָב דערזעהן די „קאָלדרע", וואָס ער האָט געבראַכט, איז מיר פינסטער געוואָרען אין די אויגען; דאָס איז ניט געווען קיין קאָלדרע, נאָר א קאָלדרעכעל, מיט וואָס מען וויקעלט איין א קינד. איך האָב אָבער קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, האָב איך זיך אריינגעזעצט אין שליטען, וואָס איז געווען פול מיט שטרוי, און מיר האָבען זיך געלאָזט פאָהרען.

געווען איז דאָס ארום דריי א זייגער בייטאָג, די זון האָט געשיינט און ארום און ארום איז אלעס געווען באַדעקט מיט שנעע. אין אָנפאַנג איז דער וועג געווען א גלייכער, א גלאַטער, אָבער וואָס ווייטער איז ער געוואָרען אלץ ערגער און ערגער. עטליכע מאָל בין איך פונ'ם שליטען ארויסגעפאַלען און בין שיער ניט

דער׳הרג׳עט געוואָרען, בין איך געפאַלען אויף אַ פּלאַן און האָב זיך אוועקגעזעצט לעבען אַנטרייבער און די גאַנצע צייט זיך אָנ־געהאַלטען אָן איהם.

אַרום עלף אַ זייגער ביינאַכט האָט מיך דער אַנטרייבער, קוים מיט צרות געבראַכט אַהיים, צו מיין שוועסטער אין הויז. עס איז פּשוט געווען מיט נסים, וואָס איך בין ניט פאַרפראָרען געוואָרען.

## צוועלפטער קאַפּיטעל.

### אין ניזשני.

אין ניזשני־נאָווגאָראָד האָב איך פאַרבראַכט דריי און אַ האַלב מאָנאַט, און די מענשען, וואָס האָבען זיך אַרום מיר געדרעהט, זיינען אַלע געווען פון די, וואָס „האָבען זיך געראַטעוועט פון דער געזונקענער שיף“. אַזוי האָב איך גערופען די פּאָליטישע, וואָס זיינען געקומען צוריק פון סיביר, וואו זיי זיינען געווען פאַרשיקט אויף יאָהרען און יאָהרען. צו אַט דער גרופּע האָבען באַלאַנגט די סאָזשינס, ביי וועמען איך האָב זיך באַזעצט. זיי אַליין, און אויך זייערע באַקאַנטע, האָבען שוין ניט גענומען קיין אַנטייל אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין דער שטורמדיגער צייט פון 1905-1906, און זיך באַגנוגענט מיט אַנדער אַרבייט אויפ'ן קולטורעלען געביט; זיי זיינען אַלע געווען מיט־גליעדער אין דער „געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטען פאָלקסבילדונג אין ניזשני־נאָווגאָראָדער גובערניע.“

דער צענטער פאַר דער טעטיגקייט פון דער דאָזיגער געזעל־שאַפט איז געווען דאָס פאָלקס־הויז, וואָס פיאָדאָר שאַליאַפּין און מאַקסים גאָרקי האָבען דאָרטען געגרינדעט אין דער צייט ווען וולאַ־דימיר קאָראָלענקאָ און נ. פ. אַנענסקי האָבען געוואוינט אין ניזש־ני. סאָזשין איז געווען אַ מיטגליעד פון דער פאַרוואַלטונג און מיין שוועסטער יעווגעניאַ האָט אַהן געלט געאַרבייט אין דער ביב־ליאָטעק, וואָס האָט זיך געפונען אין פאָלקס־הויז.

אין דער ביבליאָטעק זיינען געווען פינף און דרייסיג אָפּטיי־לונגען פון ביכער, און דאָס האָט געהייסען זעהר אַ סך, און אין די רעוואָלוציאָנערע טעג פון 1905 האָט דאָס פאָלקס־הויז גע־שפּיעלט זעהר אַ גרויסע ראָלע, ווייל דאָרטען זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען די וויכטיגסטע מיטינגען.

נאָך פאַר די אָקטאָבער־טעג, זומער־צייט, האָט מען אויסער

דער שטאָדט אָפּגעהאַלטען מאַסען־פאַרזאַמלונגען, וואו עס פלעגען אויפטרעטען רעדנער פון רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, און פון אַלע עקען שטאָדט פלעגען קומען אַהן אַ שיעור מענשען — אַרבייטער, סוחרים און אינטעליגענטען. אַלע האָבען געוואָלט הערען ווי די רעדנער רייסען זיך אַרום איינער מיט'ן אַנדערען. ניט אַלע מאָל איז אַלעם אַריבער בשלום. איינמאָל האָט אַ מחנה שוואַרץ־מאה'־ניקעס באַפאַלען אַ פאַרזאַמלונג, און דערנאָך האָט מען אין שטאָדט גע'הרג'עט, געשלאָגען יעדען איינעם, וואָס האָט געהאַט דאָס אומגליק אויסצוזעהן ווי אַ רעוואָלוציאָנער. אַ סך מענשען האָט מען דאַן דער'הרג'עט אויף טויט. דעם אַפּטייקער גאַינצע האָט מען אויף שטיקער צוריסען.



סאַזשין

און ניט נאָר אויסער דער שטאָדט האָט מען אָפּגעהאַלטען גרויסע מאַסען־פאַרזאַמלונגען, צו וועלכע עס פלעגען קומען טויזענט מענשען און אמאָל מעהר; אויך אין צענטער פון שטאָדט פלעגט מען אָפּהאַלטען אַזעלכע פאַרזאַמלונגען, וואו רעוואָלוציאָנערע רעדנער האָבען אָנגעפיהרט אַ שטאַרקע אַגיטאַציע און געהאַלטען אין איין פיהרען פּאָלעמיקעס איינע מיט די אַנדערע.

נאָך דעם אַלגעמיינעם סטרייק און דעם אָקטאָבער־מאַניפעסט איז די באַוועגונג אין ניזשני געוואָרען נאָך לעבעדיגער; אין די „פרייהייטס־טעג" האָט מען איבער די גאַסען געמאַרשירט מיט

רויטע פאָהנען און געזונגען רעוואָלוציאָנערע ליעדער, און דאַן איז דאָס פאָלקס־הויז געווארען דער צענטער פון דער גאַנצער באַוועגונג; פון אין דער פריה ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט מען דאָרטען געהאַלטען רעדעס, און ווי מען האָט מיר שפּעטער איבערגעגעבען, זיינען אין פאַרלויף פון איין מאָנאַט צייט דאָרטען איבערגעווען ניט ווייניגער ווי הונדערט און צוואַנציג טויזענט מענשען.



וו. קאָראָלענקאָ

ניט נאָר אין פאָלקס־הויז, נאָר אויך אין אַנדערע פּלעצער האָט מען אָפּגעהאַלטען פאַרזאַמלונגען — אין סוחר'ישען קלוב, אין געזעלשאַפטליכען; אומעטום, וואו מען האָט נאָר געקענט. אויף די גרויסע פאַרזאַמלונגען האָט מען אַלע מאָל אַלס פאָרזיצענדער אויסגעקליבען אַ נייטראַלען מענשען, וועלכער קען אַנהאַלטען דאָס גלייכגעוויכט ווען צוויי רעדנער פון צוויי פאַרטייען הויבען זיך אָן רייסען צווישען זיך, און אַזאַ מענש איז געווען

דער אדוואָקאַט יאַשטשין, אַ מיטגליעד פון דער פּאַרטיי „פאָלקס־פרייהייט.“

ער איז ווירקליך געווען אַ מאַדים צו פיהרען אַ פאַרזאַמלונג, וואו עס טרעטען אויף רעדנער פון פאַרשיעדענע פּאַרטייען; ער האָט אַלעמען געקענט איינצוימען און געוואוסט ווי אַזוי ניט צו דערלאָזען, אַז די רייסערייען זאָלען ווערען צו שאַרף. גאַר קונציג האָט ער די דאָזיגע פעהיגקייט זיינע אַרויסגעוויזען אין דער צייט ווען די סאָציאַליסטען האָבען זיך פאַראייניגט מיט אַנדערע ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציעס, כדי צוזאַמען אַנצופיהרען אַ קאַמף געגען די שוואַרץ־מאַה'ניקעס. זיי, די שוואַרץ־מאַה'ניקעס, האָבען זיך אָרגאַניזירט אין אַ פאַרבאַנד אונטער'ן נאָמען „דער פאַרבאַנד פון מיניג'ען,“ אַרויסגעגעבען אַן אייגענע צייטונג און אָפּגעהאַלטען פאַרזאַמלונגען אויפ'ן מאַניעזש.

אָפט מאָל פלעגען זיי נעמען זייערע ווייסע פאָהנען און באַנדעסווייז קומען אין פאָלקס־הויז, אַרויסשטעלען זייערע רעדנער, און דאָן האָבען די רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען געמוזט אַרויסשטעלען די בעסטע רעדנער צו פּאָלעמיזירען מיט די פאַרטרעטער פון די שוואַרץ־מאַה'ניקעס. אין פאָלקס־הויז פלעגט זיך דאָן אָפּשפּיעלען אַזאַ סצענע: די שוואַרץ־מאַה'ניקעס מיט די ווייסע פאָהנען פלעגען זיך אויסשטעלען אין דער רעכטער זייט, לעבען דעם פאָרזיצענדער, און די סאָציאַליסטען מיט די רויטע פאָהנען — אין דער לינקער זייט.

דערביי האָט זיך ניט איין מאָל געטראָפען אַזאַ פאַל: אין מיטען דערינען, נאָכדעם ווי עטליכע גוטע סאָציאַליסטישע אָראַטאָרס האָבען אָפּגעהאַלטען זייערע רעדעס, שפּרינגט אַרויס איינער פון דער מאַסע, בעט אַ וואָרט און, אונטער אַ שטורם פון אַפּלאָדיסמענטען, שרייט ער אויס, אַז ערשט איצט האָבען זיך ביי איהם די אויגען געעפענט; אַז ער האָט מעהר מיט דער ווייסער פאָהן גאָר ניט וואָס צו טאָן און געהט איבער צו דער רויטער.

די מורא פאַר אַז ערנסטען צוזאַמענשטויס מיט די שוואַרץ־מאַה'ניקעס האָט אַרויסגערופען די נויטיגקייט צו גרינדען אַ זעלבסט־שוץ, און דאָן האָבען די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען אויסגעקליבען אַ „באַיעוואַיאַ דרוזשינאַ“, וואָס איז געווען באַוואָפענט מיט באָמבעס און זי האָט באַוואַכט די פאַרזאַמלונגען אין פאָלקס־הויז און די דעמאָנסטראַציעס אין גאַס. אַ דאַנק דער „באַ־

יעוואַ דרוזשינאַ" האָבען די שווארץ־מאה'ניקעס מורא געהאַט צו מאַכען אַן אָנפאַל.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז די פּאָליציי האָט געקוקט זעהר קרום אויף דעם פאָלקס־הויז, וואָס שאַליאַפּין און גאָרקי האָבען געגרינ־דעט, און אין מאָנאַט יאַנואַר, 1906, ווען איך בין געקומען קיין ניזשני־נאָווגאָראָד, איז דאָס שוין געווען פאַרמאַכט. אין איינעם פון די אָווענטען, ווען עס איז דאָרטען אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ גרויסע פאַרזאַמלונג, האָבען קאָזאַקען ארומגערינגעלט די געביידע,



מאַקסים גאָרקי

אין איין אויגענבליק איז די עלעקטריק אויסגעלאָשען געוואָרען; דער צושראָקענער עולם האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו די טירען, יעדער איינער איז געלאָפען וואוהין די אויגען האָבען איהם נאָר גע־טראָגען, און באַלד האָט זיך די פּאָליציי אַריינגעריסען אינווענ־יג און געמאַכט אַ פּאָגראָם. דאָס געפעס האָט מען צובראָכען, די שאַפעס האָט מען צוהאַקט, די ביכער און אויך די בילדער פון

אַלע רוסישע באַריהמטע שרייבער האָט מען צוריסען. פון אַלעם האָט מען געמאַכט א תל.

דערנאָך האָט מען דאָס פאָלקס־הויז פאַרמאַכט און פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, וואָס האָט געטאָן ווירקליך גוטע ארבייט פאַר דער געזעלשאַפט, איז גאָרניט געבליבען.

פריהלינגס־צייט, ווען איך בין שוין געווען אין ניזשני־נאָוו־ אָראָד, איז די געזעלשאַפט ווידער געוואָרען טעטיג. דער גובער־



פיאָדאָר שאַליאַפּין

נאַטאָר פרעדריקס האָט ערלויבט מען זאָל די געביידע פאַרריכטען אינווענינ. אָבער מען האָט דארויף געמוזט אויסגעבען זעהר א סך געלט, ווייל די קאַזאַקען האָבען דאָרטען פריהער געמאַכט אַזא פּאָגראָם, אַז אַלעס איז געווען צובראָכען און צולאָמעט.

ווען מען האָט דער געזעלשאַפט געגעבן די ערלויבניש אָפּ־צוהאַלטען אַ פאַרזאַמלונג, בין איך אויך געקומען אַהין. איינגע־לאַדען זיינען געווען אַ דריי הונדערט מיטגליעדער, אָבער געקומען זיינען ניט מעהר ווי דרייסיג. די פאַרזאַמלונג איז געווען זעהר אַ נעבעכדיגע, און ריידענדיג וועגען דעם אין וואָס פאַר אַ לאַגע די געזעלשאַפט געפינט זיך איצט, איז אַרויסגעבראַכט געוואָרען דער פאַקט, אַז חוץ חובות פאַרמאָגט זי גאָרניט און אַז עס וועט נאָך דאַרפען געדויערען עטליכע יאָהר ביז זי וועט קענען טאָן די ניצליכע אַרבייט, וואָס פריהער.

דער צווייטער בילדונגס־צענטער אין ניזשני־נאָווגאָראָד איז געווען דער פאָלקס־אוניווערזיטעט. געגרינדעט האָט איהם דר. גראַציאַנאָוו, וועלכער איז אין 1878 געווען פאַרמישט אין דעם גרויסען פּאָליטישען „פּראָצעס פון די 193.“ קיין אַנטייל אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג האָט ער שוין ניט גענומען און זיך אָפּגעגעבען בלויז מיט בילדונגס־אַרבייט.

אין דעם פאָלקס־אוניווערזיטעט האָט מען גאַנץ אָפט געקענט הערען זעהר אַ גוטע לעקציע. אַ בילעט צו אַ לעקציע האָט געקאָסט ניט מעהר ווי פינף קאָפּיקעס און צוטיילט די בילעטען האָט מען אַלע מאָל צווישען די מיטגליעדער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַר־איינען.

זעהר אָפט פלעגען פון מאָסקווא קומען פּראָפעסאָרען האַלטען לעקציעס אין ניזשני־נאָווגאָראָדער פאָלקס־אוניווערזיטעט. און ביז היינטיגען טאָג געדענקט מען נאָך אין ניזשני די לעקציעס פון מ. באַראָוואָי, דעם פּריוואַט־דאָצענט פון יורידישען פאַקולטעט אין מאָסקווא. ער איז געווען אַ וואונדערבאַרער רעדנער און אַלע מאָל, ווען ער האָט געהאַלטען אַ לעקציע, פלעגט דער אוניווערזיטעט זיין געפּאַקט מיט טויזענטער סטודענטען. יעדען שבת און זונטאָג פלעגט ער קומען קיין ניזשני־נאָווגאָראָד האַלטען אַ לעקציע אין פאָלקס־אוניווערזיטעט וועגען אַרבייטער־פראַגען. הערען זיינע אַ לעקציע איז ווירקליך געווען אַ גרויסער פאַרגעניגען, ספּעציעל פאַר די וואָס זיינען שוין אַ ביסעל באַקאַנט מיט דער פראַגע.

פּראָפעסאָר גערנעט, אויך פון מאָסקוואער אוניווערזיטעט, האָט אין ניזשני־נאָווגאָראָד געהאַלטען אַ לעקציע וועגען שטראָף־גע־זעצען אין היינטיגע צייטען און אין דער צוקונפט, און דער עולם האָט פאַר איהם דערנאָך געמאַכט אַ שטורמדיגע אָוואַציע. עס

זיינען קיין ניזשני אויך געקומען אנדערע גוטע פראפעסארען און אלע מאל איז דער פאלקס־אוניווערזיטעט געווען געפאקט. מען האט געזעהן ווי דער עולם רייסט זיך ממש צו בילדונג.

---

נאך דעם אויפשטאנד פון 1905 איז די ניזשני־נאווגאראדער טורמע געווען געפאקט מיט פאליטישע ארעסטאנטען. דארטען האט מען געקענט געפינען א סך אינטעליגענטען, ארבייטער און פויערים, און כדי מען זאל זיי קענען צושטעלען די נויטיגע הילף, האט מען געגרינדעט אן אומלעגאלען „רויטען קרייץ", אין וועלכען עס זיינען אריין פארטרעטער פון פאליטישע פארטייען און אויך זייטיגע מענשען, וועלכע האבען סימפאטיזירט מיט דער הילפס־ארבייט. צווישען די לעצטע איז אויך געווען מיין שוועסטער יעווגעניא, די מאדאם סאזשינא, וועלכע איז נאך אין 1880 געשטעלט געווארען צום געריכט צוזאמען מיט קוויאטקאווסקי'ן און זיך אומגעקערט צוריק פון סיביר ערשט אין 1896. מיט איהר צוזאמען פלעג איך אויך געהן אויף די פארזאמלונגען פון דעם אומלעגאלען „רויטען קרייץ" און דארטען האב איך דאס ערשטע מאל דערזעהן ווי פארטיי־מענשען באציהען זיך מיט אומצוטרויען איינער צום אנדערען. די סאציאליסטען־רעוואלוציאנערען האבען חושד געווען די סאציאל־דעמאקראטען, אז זיי צוטיילען ניט ריכטיג דאס געזאמעלטע געלט צווישען די ארעסטירטע; אז זיי האבען מעהר אין זינען די חברים פון זייער פארטיי און קימערען זיך ניט פאר די חברים פון אנדערע פארטייען, און דאס זעלבע פארקעהרט, די סאציאל־דעמאקראטען האבען חושד געווען די סאציאליסטען־רעוואלוציאנערען, אז זיי זאמלען באזונדער געלט פאר זייערע מענשען און קימערען זיך ניט פאר די חברים פון אנדערע פארטייען.

---

נאכדעם האב איך פון אקאטוי באקומען א בריעף פון קארפאוויטש'ן. אין דעם בריעף האט ער מיך, אגב, געבעטען, אז איך זאל זעהן זאמלען א ביסעל געלט צו העלפען די וואס זיינען פארשיקט אויף קאטארגע, און דאס איז שוין געווען א גרונד, אז אין

דער ארגאניזאציע זאל זיך גרינדען א באזונדער גרופע, וואס זאל זארגען פאר די חברים, וואס זיינען פארשיקט געווארען קיין סיביר.

ווען מען האט די גרופע געגרינדעט, האט מען מיך אויך איינגעלאדען.

עס פארשטעהט זיך, אז מען האט ניט געקענט ערווארטען, אז אין ניזשני זאל מען זאמלען א סך געלט, אבער די גרופע האט זיך דערמיט ניט גערעכענט, און אנשטאט נעמען אויף זיך די אויפגאבע פריהער פון אלץ צו העלפען די חברים אין אקאטוי און דערנאך, ווען מען וועט האבען מעהר געלט, העלפען אויך די אנדערע חברים, וואס זיינען פארשפארט אין די קאטארזשנע טורמעס אין סיביר, האט זי גלייך אויסגעארבייט א פלאן פון אזא ברייטער טעטיגקייט, וואס איז געווען איבער איהרע כחות.

מען האט באשלאסען צו העלפען אי די קאטארזשניקעס, אי די פארשיקטע; מאכען א סטאטאסטישע אויספארשונג, קלייבען ידיעות וועגען דער לאגע פון די פארשיקטע און צוליעב דעם מאכען אן אנקעטע, און טאמער איז דאס נאך ניט גענוג, זאל מען נאך אפדרוקען איינציגע מאטעריאלען וועגען דער לאגע פון די פארשיקטע אין סיביר אין אלגעמיין...

מיינע טענות, אז ווען מען פארמעסט זיך צו גרויס, קען מען גארניט אויפטאן, האבען ניט געהאלפען, און די גרופע האט באשלאסען זיך צו נעמען פאר דעם אויסגעארבייטען פלאן.

עס פארשטעהט זיך, אז ביים פלאן איז מען געבליבען; די גרופע האט לאנג ניט עקזיסטירט, און ווי מען האט מיר איבערגעגעבען שפעטער, ווען איך בין שוין ניט געווען אין ניזשני, האט די גרופע ניט פארווירקליכט אפילו קיין איין פונקט פון דעם גרויסען פלאן, וואס זי האט אויסגעארבייט.

מעהר פון אלעם האט מיך דאמאלט אינטערעסירט דער יונגער דור, און איך בין זיך מודה, אז צו דער יונגווארג, צו די נייע רעוואלוציאנערע טוער, האט מיך געצויגען מעהר ווי צו די עלטערע, וועלכע האבען זיך געראטעוועט פון דער געזונקענער שיף און געטראגען אויף זייערע פלייצעס יאהרען פון ליידען אין סיביר און אויף קאטארגע. און אזוי ווי די פארטיי פון די סאציאליסטען-רעוואלוציאנערען האט אין זיך געהאט געמיינשאפטליכעס מיט דער אמאליגער „נאראדנאיא וואליא", בין איך צוגעשטאנען צו זיי. איך בין ניט געווען די איינציגע. אויך אנדערע אמאליגע „נארא-

דאַוואַלצעס" און „זעמלעוואַלצעס" זיינען צו זיי צוגעשטאַנען — נאַטאַנסאָן און זיין פרוי, אַנאַ קאָרבאַ און נאָך איניגע, וואָס זיינען ניט אָוועק פון דער באַוועגונג.

אין יענער צייט האָט אין ניזשני עקזיסטירט אַ גאַנץ היבשער קאָמיטעט פון סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען. דער פיהרער און די נשמה פון דעם קאָמיטעט איז געווען דער ענערגישער ניקאָלאַי אַלעקסעיעוויטש אוליאַנאָוו. זיין מוטער, אַ נאָהענטע פריינדין פון מיין גוטער חבר'טע אַלעקסאַנדרא איוואַנאָוונא מאָראָז, פלעגט אַריינקומען צו די סאַזשינס, זי האָט זיך באַטייליגט אין דער גע־זעלשאַפט, וואָס פאַרשפּרייט בילדונג אין ניזשני־נאָווגאָראָדער גו־בערניע, זי האָט זיך אויך באַטייליגט אין דעם „רויטען־קרייץ", האָב איך זיך באַקענט מיט איהר און אויך מיט איהר זוהן, און ער האָט מיך איינמאָל איינגעלאַדען אויף אַ פאַרזאַמלונג פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען.

דאָס ערשטע מאָל זיינען אויף דער פאַרזאַמלונג געווען ניט מעהר ווי אַ דרייסיג מענשען; גערעדט האָט מען וועגען שיקען דעלעגאַטען אויף אַ צוזאַמענפאָהר. עס איז געווען ניט אינטע־רעסאַנט.

דאָס צווייטע מאָל בין איך געווען אויף אַ פאַרזאַמלונג פון לעהרער, ס. ר.'ען. אָבער מעהר ווי אַ פיער־פינף לעהרער זיינען ניט געווען, און די רעפעראַטען, וואָס מען האָט געלעזען וועגען דער טעטיגקייט פון די לעהרער אין אויעזד, זיינען געווען לאַנגווייליגע און אומבאַדייטענדע. דאָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ קול־טורעלער אָנפאַנגס־אַרבייט, פּונקט ווי מיט 25-30 יאָהר צוריק. אַזוי האָט איין לעהרער דערצעהלט ווי צו איהם קומען שטילערהייט צוויי־דריי פויערים און ער לייענט פאַר זיי אומלעגאַלע ביכלאַך. הערענדיג ווי ער רעדט, האָט מען געהאַט דעם איינדרוק, אַז די קולטורעלע באַדירפנישען פון דער באַפעלקערונג זיינען ניט גע־וואָרען גרעסער און די אַרבייט אין די דערפער האָט זיך די גאַנצע צייט ניט געריהרט פון אָרט.

נאָך אַט דעם רעפעראַט, וואָס האָט אין זיך ניט געהאַט קיין ברעקעל אינהאַלט, האָט אַ דאָרפישע לעהרערין, איינפאַך און מיט באַגייסטערונג, דערצעהלט וועגען איהר טעטיגקייט. דער פונדאַ־מענט פון איהר אַרבייט איז געווען דער מאַניפעסט פונ'ם 17טען אָקטאָבער, וואָס זי האָט געדאַרפט גיבען צו פאַרשטעהן די פויערים.

איינפאך און אויפריכטיג האט זי זיך מודה געווען ווי זי האט זיך שטארק דערשראקען ווען די פויערים פונ׳ם דארף האבען זי איינגעלאדען אויף זייערער א פארזאמלונג. אין יענער צייט, נאכ׳ן מאניפעסט, האט א כוואליע פון פאגראמען זיך צופלייצט איבער אלע שטעדט און דערפער; אין דעם דארף, וואו די שקאלע איז געווען, האבען די שווארץ־מאה׳ניקעס אנגעפיהרט א שטארקע אגיטאציע, און די לעהרערין האט מורא געהאט, מען זאל זי נאך ניט שלאגען. דאך איז זי אוועק אויף דער פארזאמלונג און ערקלערט די פויערים וואס דער מאניפעסט מיינט און וואס פאר א באדייטונג ער האט. כדי עס זאל איהר קיין שלעכטס ניט געשעהן, האבען די פויערים ארום דער פארזאמלונג אוועקגעשטעלט א שטארקע וואך.

די פראגע וועגען קאאפעראציע איז דאן אין דארף געווען זעהר אן אנגעוועהטאגטע און אלע האבען זיך מיט איהר שטארק אינטערעסירט. אין איין דארף האט זיך דער „סטארשינא“ אזוי פאראינטערעסירט מיט דער פראגע, אז ער האט גאר קיינמאל ניט אויפגעהערט ריידען וועגען דעם.

די פאליציי האט געהאט אן אויג אויף דער לעהרערין, וואס האט פאר די פויערים אין דארף ערקלערט די פונקטען פון דעם מאניפעסט, און כדי זי צו מאכען אומשעדליך, האט מען זי אוועקגעשיקט אין א קליין פארווארפען דערפעל, וואו זי האט גארניט געקענט טאן.

דער פיהרער פון דער גרופע סאציאליסטען־רעוואלוציאנערען, ניקאלאי־ אלעקסעיעוויטש אוליאנאוו, איז געווען א מענש מיט אונטערנעמונגס־פעהיגקייטען און מיט א מאסע ענערגיע, האט ער אין ניזשני געגרינדעט א קליינעם ביכער־פארלאג „דער פארזייער“. געלט דארויף האט געגעבען דר. גראציאנאוו. אונטער׳ן נאמען „ניצליכע ידיעות“ האט דער פארלאג ארויסגעגעבען א גאנצע רייהע ליפלעטס וועגען פאליטישע און עקאנאמישע פראגען. אנגעשריבען זיינען זיי געווען פאפולער, קלאר און איינפאך און זיינען ווירקליך געווען ניצליך. מען האט אויך ארויסגעגעבען אייניגע בראשורען, וואס האבען באהאנדעלט די וויכטיגסטע פראגען פון טאג. איינע פון די בראשורען איז ווירקליך געווען אזוי גוט און באלערענד אנגעשריבען, אז נאך דער רעוואלוציע פון 1917 האט מען זי ווידער ארויסגעגעבען; אין איהר האט מען געפונען א גאנץ באדייטענדע

סטאַטיסטיק וועגן דער ערד־פּראַגע און זעהר אַ סך אינטערע־
סאַנטע און וויכטיגע ידיעות.

מען האָט אויך געפּלאַנעוועט אַרויסצוגעבען אַ גאַנצע רייהע
אַנדערע בראָשורען און צוליעב דעם האָט מען געגרינדעט אַ ספּע־
ציעלע ליטעראַרישע גרופּע. אויסער אוליאַנאָוו'ן זיינען אין דער
גרופּע אַריין: לעוו פּאָוולאָוויטש ניקאָפּאָראָוו, טאָלסטאָי'ס אַן אַל־
טער תּלמיד, דער יונגער אַדוואָקאַט זאַלאָטניצקי, קאָוואַרסקי און
איך.

פון די בראָשורען, וואָס דער פאַרלאַג האָט אַרויסגעגעבען, קען
מען דערמאָנען: „דער פּראָלעטאַריאַט און דאָס האַרעפּאַשנע פּוי־
ערטום," פון וויקטאָר טשערנאָוו; „די אַגראַר־פּראַגע," פון זאַ־
לאָטניצקי; „אונזערע אוניווערזיטעטען," פון דר. גראַציאַנאָוו;
„דער פריהלינג פון פעלקער" (איבערזעצט פון פראַנצויזיש); „אַ
ווערטער־בוך ביים לעזען ביכער און צייטונגען"; „אַ לוח פאַר
פּויערים"; „אַ לוח פאַר אַרבייטער"; „ביים ביכעל" — אַ פּע־
ריאָדישע אויסגאַבע פון אַ ביבליאָגראַפישען כאַראַקטער, און נאָך
אַנדערע בראָשורען.

אין 1906, פריהלינגס־צייט, איז אין ניזשני געגרינדעט גע־
וואָרען אַ ביכער־געשעפט, אונטער'ן נאָמען „די נייע צייט," וואו
מען האָט זעהר ענערגיש פאַרקויפט די בראָשורען פון דער „דאָנ־
סקאַיאַ רעטש" און „מאַלאַדאַיאַ ראָסיאַ." און נאָכדעם ווי איך בין
אַוועקגעפאָהרען, האָט אָנגעהויבען אַרויסגעהן אַ צייטונג „דער
פאָלקס־געדאַנק," וועלכע האָט געגעבען אַ סך ידיעות וועגן דער
באַוועגונג אין די דערפער. אין דער צייטונג האָט מען געפונען די
רעזאָלוציעס, וואָס די פּויערים אין די דערפער האָבען אָנגענומען
צו שיקען אין דער דומאַ. מען האָט דאָרטען אויך געפונען באַ־
ריכטען וועגן רעגיערונגס־אַנגעלעגענהייטען און וועגן דעם וואָס
ס'קומט פאָר אין דער דומאַ.

אין די וואַהלען צו דער צווייטער דומאַ האָט זיך די ניזשני־
נאָווגאָראָדער אָרגאַניזאַציע שטאַרק באַטייליגט, און אַ דאַנק דעם
זיינען ערוועהלט געוואָרען די צוויי דעפּוטאַטען, דר. דאָלגאָפּאָלאָוו
און דער אַדוואָקאַט פּאַקעיעוו.

איבער דעם וואָס די נערווען זיינען ביי מיר געווען זעהר
שטאַרק צורודערט און די דאָקטוירים האָבען מיר אָנגעזאָגט מיט'ן
האַרבען וואָרט, אַז אויב איך וויל געזונט ווערען, זאָל איך זיך אין

קיין שום ארבייט אקטיוו ניט באטייליגען, האב איך געמוזט איינ־
צוימען דעם געפיהל, וואס האט מיך געצויגען צו דער רעוואלוציא־
נערער יונגווארג און איך האב זיך ניט געקענט באקענען נעהענטער
מיט דער טעטיגקייט פון דעם ניזשני־נאווגאראדער קאמיטעט. איך
האב געהערט וועגען פויערשע ברודערשאפטען אין די דערפער, און
דאס האט מיך זעהר שטארק אינטערעסירט; איך האב געוואוסט,
אז אין נאוועמבער, 1905, איז אין ניזשני אפגעהאלטען געווארען
א פויערים־צוזאמענפאהר, וואס האט אפגעהאלטען זיצונגען אין
געזעלשאפטליכען קלוב און אנגענומען די אגראר־פראגראם פון די
סאציאליסטען־רעוואלוציאנערען. שפעטער, אין 1906, זומער־צייט,
ווען איך בין שוין אין ניזשני ניט געווען, האט זיך ארגאניזירט
דער צווייטער צוזאמענפאהר, וואס האט אפגעהאלטען זיינע זי־
צונגען אויף א דאטשע. אויף יענעם צוזאמענפאהר איז געווען
די „באבושקא" ברעשקאווסקאיא, וועלכע איז אהין געקומען פאר־
שטעלט אלס אן אלטיטשקע, וואס בעטעלט נדבות. דאן איז אויפ־
גענומען געווארען די פראגע וועגען אן אויפשטאנד, און די פויערים
זיינען געווען געגען דעם. שפעטער האב איך זיך דערוואוסט, אז
אין פריהלינג איז געגרינדעט געווארען א „שווימענדיגע" רעוואָ־
לוציאנערע ארגאניזאציע, וועלכע האט פארשפרייט איהר טעטיג־
קייט איבער דער גאנצער לענג און ברייט פון דער וואלגא. די
רעוואלוציאנערען דאסקינסקי, מוראמסקי, סאפטשינסקי און ליולי־
כאווסקי פלעגען ארומפאהרען אויף שיפלאך, האלטען רעדעס און
פארשפרייטען פראקלאמאציעס.

מיין לעבען אין ניזשני, ווי דער צושטאנד פון די נערוועו און
דער אנזאג פון די דאקטוירים האט געפאדערט, איז אין אלגעמיין
געווען רוהיג און איינטאניג. פון צייט צו צייט פלעגען צו מיר
קומען מיינע חברים, מיט וועלכע איך בין געווען פארשפארט אין
שליסעלבורגער פעסטונג, און אויך אלטע פריינד פון פעטערבורג
און פון מאסקווא. איינער נאכ'ן אנדערען זיינען צו מיר געקומען:
מאראזאוו, לאפאטין, דערנאך נאוואָרוסקי און סערגעי איוואנאוו.

פון די אלטע פריינד איז די ערשטע געקומען צו מיר אנא
פאוולאוונא קארבא, א מיטגליעד פונ'ם „איספאלניטעלני קאמי־
טעט". ניט קוקענדיג אויף די ענדערונגען, וואס זיינען פארגע־
קומען אין איהר פנים פאר די אלע יאהרען, וואס איך האב זי ניט
געזעהן, האב איך דאך דערקענט די אמאליגע ליעבע ניוטא, וואס

איך האב געדענקט נאך פון 1881, די זעלבע ניוטא, וואס האט שטענדיג ארויסגערופען אין מיר א באזונדער מין צערטליכקייט מיט איהר אידעאליסטישען קוק אויף רעוואלוציאנערער טעטיגקייט און אויף וועמען איך פלעג אלע מאל זאגען, אז אין דער צייט וואס מיר טוען ארבייט, טוט זי תפלה אר־בייטענדיג.

דערנאך זיינען פון פעטערבורג צו מיר געקומען מיינע אלטע פריינד, מארק און ווארי נאטאנסאן, וועמען איך האב ניט גע־



אנא קארבא

זעהן נאך מעהר יאהרען ווי אנא קארבא. ווארי איז געווען מיינע אן אלטע חבר'טע; מיט איהר האב איך צוזאמען געלערענט אין אוניווערזיטעט, אין צוריך, און דאס לעצטע מאל וואס איך האב זי געזעהן איז געווען נאך אין 1877, ווען מען האט זי גע'משפט צוזאמען מיט סאפיע באררינא און מיט מיין שוועסטער לידיא, און מיט מארק'ן האב איך זיך דאס לעצטע מאל געזעהן נאך אין 1877, ווען מען האט איהם ארעסטירט אין פעטערבורג און דערנאך פאר־שיקט קיין סיביר. אין זייער אויסערליכען אויסזעהן האב איך אויך

קיין גאר גרויסע ענדערונגען ניט באמערקט, און עס איז מיר ווירקליך געווען אנגענעם צו געפינען אין זיי די זעלבע ענערגישע און באגייסטערטע רעוואלוציאנערע טוער ווי מיט יאהרען און יאהרען צוריק.

אט דער לעצטער וויזיט איז ניט אריבער גלאט; די פאליציי האט זיי, קענטיג, נאכגעשפיאנירט נאך אין פעטערבורג, און ווען זיי, די נאטאנזאנס, זיינען געקומען קיין מאסקווא צוזאמען מיט מיין פריינדין אלעקסאנדרא איוואנאוונא מאראז, האט מען זיי אפ־געשטעלט און געמאכט אן אביסק ביי דער מאראז, און נאכדעם ווי זיי זיינען פון מיר אוועקגעפאהרען האב איך איינמאל דער־זעהן ווי אין דרויסען, ביים טויער, דרעהט זיך ארום עפעס א פאר־דעכטיגער חברה־מאן. איך האב גלייך פארשטאנען, אז די פא־ליציי האט מיך נאך אין זינען, און איך האב ווירקליך געטראפען. מיט א פאר טעג שפעטער נאכדעם ווי די נאטאנזאנס זיינען אוועק־געפאהרען, האט מען ביי מיר געמאכט אן אביסק. מען האט ביי מיר צוגענומען טויזענט עקזעמפלארען פון דער בראשורע „וואס איז סאציאליזם" — א זאך, וואס איך האב איבערזעצט פון ענגליש; איינינע פאטאגראפיעס און אויך א סך בריעף פון חברים און פריינד. צווישען די דאקומענטען, וואס זיינען געלעגען ביי מיר אויפ'ן טיש, זיינען געווען א סך אזעלכע, וואס האבען בשום אופן ניט געטארט אריינפאלען אין די הענט פון דער פאליציי, ווייל דאן וואלטען א סך מענשען געליטען איבער דעם. אבער צום גליק איז דער פריסטאוו געווען עפעס ניט קיין געוועהנליכער, און ווען ער האט געזעהן ווי איך בין געווארען צומישט, האט ער זיך אוועקגע־שטעלט מיט דער פלייצע צו מיר און א וואונק געטאן מיט'ן אויג, ווי איינער רעדט: „איילט זיך צו און באהאלט דאס וואס מען דארף." איך האב אבער ניט געוואוסט וואו צו באהאלטען די אלע פאפירען, און דאן איז מיר מיין שוועסטער יעווגעניא געקומען צו הילף; זי איז צוגעגאנגען צום טיש מיט א פארטוך און אריינגע־שארט אהין די אלע דאקומענטען, וואס האבען צו דער פאליציי אין די הענט ניט געטארט אריינפאלען, און דערנאך איז זי אוועק אין צווייטען צימער, וואו מען האט שוין פריהער געמאכט אן אביסק, און דארט האט זי אלע דאקומענטען אריינגעלעגט אין א גרויסען שופלאד.

נאכ'ן אביסק האט מען מיין שוועסטער ארעסטירט. דערביי

האָט מען איהר געזאָגט, אַז דאָס איז אַ ספּעציעלער באַפעהל פון פּעטערבורג.

מען האָט זי אַוועקגעפיהרט אין טורמע און דאָרטען האָט מען זי אָפּגעהאַלטען אַ דריי־פיער טעג, און דערנאָך האָט מען זי אַרויס־געלאָזט.

---

אין אַפּריל איז אין דרויסען געוואָרען וואַרים; די זון האָט גע־שיינט ווי אין פריהלינג, ריטשקעלאַך האָבען געשטראָמט איבער די גאַסען, דאָס פּייפעריי פון די פאַבריקען האָט מיט מעהר פאַר־נעם און ברייטקייט זיך גענומען טראָגען איבער דער שטאָדט און פון דער ווייטענס האָט מען געקענט זעהן ווי די גרויסע, שעהנע וואָלגאַ האָט פון זיך אַרונטערגעוואָרפען די שווערע ווינטערדיגע שאָלעכץ און זיך צושטראָמט ווייט און ברייט. דאַן האָט עס מיך נאָך מעהר אָנגעהויבען ציהען צו דער אומענדליכער ווייטקייט, וואו דער האָריזאָנט איז ברייט און דאָס אויג שלאָגט זיך ניט אָן אָן די שטיינערנע קאַסטענס — אָן די הייזער. איך האָב געוואָלט זעהן די ווייטקייט פון די הימלען און שווימען איבער דעם גרויסען שטראָם פון דער וואָלגאַ.

האָב איך באַשלאָסען צו פאַרלאָזען די שטאָדט און אַוועקפאָה־רען אין דאָרף, צו מיין ברודער אויפ'ן מאַיאָנטעק.

געמיינט האָב איך, אַז איך בין שוין אינגאַנצען אַ פרייער מענש; אַז עס איז שוין פאַר מיר ניט נויטיג צו בעטען אַ ספּעציעלע ערלויבעניש אַוועקצופאָהרען און עס וועט זיין גענוג שפּעטער צו לאָזען וויסען דעם גובערנאַטאָר, אַז איך געפין זיך דאָרטען און דאָרטען.

איך האָב אָבער געהאַט אַ גרויסען טעות.

ווען איך בין צוזאַמען מיט מיין שוועסטער געקומען קיין קאַזאַן, האָט די פּאָליציי מיך פאַרהאַלטען, און פונ'ם פּאָליציי־דעפּאַרטמענט איז שוין געווען צוגעגרייט אַ נייער באַפעהל: איך מוז זיך באַזעצען אינ'ם דאָרף ניקיפאָראָווא, ניט אַרויספאָהרען פון דאָרטען אין ערגיץ, און, פּונקט ווי פריהער, וועלען צוויי באַוואַ־פנטע וועכטער שטענדיג האַלטען אַן אויג אויף מיר.

# דרייצעהנטער קאַפּיטעל.

מיט ווייניג געלד צווישען אַ סך אָרימע לייט.

דאַס איז געווען אַ יאָהר און אַ האַלב נאָכדעם ווי איך
בין אַרויס פון שליסעלבורגער פעסטונג און אָנגע־
הויבען זיך איינגעוועהנען צו דעם נ י י ע ם
לעבען.

מיר איז געווען זעהר שווער זיך צוצוגעוועה־
נען צו דעם. נאָך איידער מען האָט מיך באַפרייט,
האָב איך אנדערטהאַלבען יאָהר צייט געהאַלטען אין
איין קלערען וועגען דעם ווי אַזוי איך וועל לעבען און מיט וואָס
איך וועל אויספילען דאָס לעבען ווען איך וועל אַרויס פריי.

פון דעם מאָמענט, וואָס מען האָט מיר אָנגעזאָגט די בשורה,
אַז איך וועל ניט דאַרפען זיצען אייביג אין דער שליסעלבורגער
פעסטונג, אַז מען וועט מיך פון דאָרטען אַרויסלאָזען ווען עס וועט
זיך ענדיגען דער טערמין פון צוואַנציג יאָהר, האָבען די געדאַנקען
אין מיין מוח ניט אויפגעהערט אַרבייטען, און וואָס מעהר איך
האָב געקלערט וועגען דעם, אַלץ מעהר איז ביי מיר אויסגעקומען,
אַז עס לוינט זיך ניט אַרויסצוגעהן פריי, ווייל איך ווייס ניט און
הויב שוין ניט אָן צו וויסען ווי אַזוי צו לעבען אויף דער וועלט
אַלס אַ פרייער מענש.

דעם 29טען סעפּטעמבער, 1904, האָט זיך געענדיגט דער
צוואַנציג־יעהריגער טערמין און איך האָב פאַרלאָזט דעם „טויטען־
אינזעל“. דער פּראָצעס צו ווערען פון טויט לעבעדיג האָט זיך
אָנגעהויבען...

אין אינדיען איז איינגעפיהרט, אַז ווען אַ מאַן שטאַרבט,
נעמט מען זיין ווייב און מען פאַרברענט זי לעבעדיגערהייט. אָבער
איידער מען פאַרברענט זי, גרייט מען זי צו צום טויט. זי געזעג־
נענט זיך מיט דער וועלט, זי פּועל'ט ביי זיך, אַז זי דאַרף מעהר
ניט לעבען, די געפיהלען שטאַרבען אָפּ ביי איהר און איהר נשמה

ווערט איינגעוויעגט אין א געוויסער רוהיגקייט, און דאן צולעגט מען א פייער און מען פארברענט זי.

אבער שטעלט אייך פאר אזא זאך:

די פרוי האט זיך שוין צוגעגרייט צום טויט, דאס פייער ברענט שוין ארום איהר, מיט'ן לעבען האט זי שוין אלע חשבונות געשלאסען, זי האט שוין גע'פועל'ט ביי זיך, אז איצט איז איהר סוף און אלעס איז געענדיגט — און אין מיטען דערינען גיט מען זי א שלעפ ארונטער פונ'ם פייער און מען זאגט איהר, אז זי מוז לעבען...

דאס זעלבע איז געווען מיט מיר, ווען מען האט מיך ארויס־געלאזט פון שליסעלבורגער פעסטונג.

און פארגעסט ניט, אז מיך האט מען געהאלטען אויפ'ן פייער ניט קיין מינוטען, ניט קיין שטונדען און ניט קיין טעג, נאר מעהר ווי צוויי צעהנדלינג יאהר.

עס איז שווער, שרעקליך שווער, לעבעדיג צו ווערען נאכדעם ווי מען איז אזוי לאנג געווען טויט... „עס איז גוט צו ש ט א ר־ב ע ן, אבער עס איז זעהר שלעכט א פ צ ו ש ט א ר ב ע ן", האט אמאל געזאגט דער רוסישער דיכטער נעקראסאוו. עס איז גוט אויפצולעבען, — וואלט איך געזאגט, — עס איז אבער זעהר שלעכט צו ווערען פון טויט לעבעדיג...

נאכ'ן 29טען סעפטעמבער זיינען אוועק אנדערטהאלבען יאהר און איך האב זיך נאך אלץ ניט געקענט צופאסען צום נייעם לעבען. איך האב זיך געפיהלט שלעכט אי קערפערליך, אי גייסטיג און אלץ ניט אויפגעהערט זיך צו ברעכען דעם קאפ איבער דער פראגע: ווי אזוי לעבט מען? מיט וואס לעבט מען? און: צו וואס טויג דאס גאנצע לעבען?

און דא האט זיך נאך אין מיטען דערינען ווידער ארייגעמישט די פאליציי און מיר נאך מעהר פאראומערט דאס לעבען.

די ניזשני־נאווגאראדער געהיים־פאליציי האט מיך, א פנים, די גאנצע צייט פון אויג ניט אפגעלאזט, און פונ'ם פאליציי־דעפארט־מענט איז אנגעקומען א פאפיר, אז איך בין אין געהיים געפאהרען קיין פעטערבורג און קיין מאסקווא צוליב רעוואלוציאנערע אגי־טאציע, און אז דערפאר האב איך מעהר קיין רעכט ניט צו וואוי־נען אין ניזשני־נאווגאראד און מוז אוועקפאהרען אין טעטיושער אויעזד און זיך באזעצען אויף דעם מאיאנטעק פון מיין ברודער

און דאַרטען וועלען צווײ באַוואָפענטע וועכטער שטענדיג אַכטונג געבען אויף מיר.

די אַלע מעשיות, וואָס מען האָט דערצעהלט וועגען מיר זײַ־נען געווען אויסגעטראַכטע פונ׳ם אַנהויב ביז׳ן סוף; איך בין ניט געפאָהרען אין געהיים קיין פעטערבורג, איך בין ניט געווען אין מאָסקווא און קיין רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע האָב איך ניט אָנ־געפיהרט, ווייל איך האָב פשוט קיין כח ניט געהאַט.

ווי האָב איך גאָר געקענט קלערען וועגען אָנפיהרען א רעוואָ־לוציאָנערע אַגיטאַציע, אַז איך האָב גאָר די גאַנצע צייט געזוכט פאַר זיך אַן אָנהאַלט אין דעם נייעם לעבען און אַלץ ניט געקענט געפינען; מיר האָט זיך אַלץ אויסגעוויזען, אַז איך בין איצט אינ־גאַנצען איבעריג אויף דער וועלט, פרעמד און אָפגעריסען פון אַלעם און פון אַלעמען.

אנדערטהאַלבען יאָהר זײַנען אַוועק און איך האָב אַלץ ניט געפונען פאַר זיך קיין אָנהאַלט אין דעם נייעם לעבען. מיר איז געווען שרעקליך אומעטיג אויפ׳ן האַרצען און איך האָב זיך גע־פיהלט עלענד און איינזאַם אויף דער גאַנצער וועלט.

קיין וואונדער איז דאָס ניט געווען, ווייל פאַר די פינף און צוואַנציג יאָהר, וואָס איך בין געווען אָפגעריסען פון דער גאַנצער וועלט, איז דאָס לעבען ניט געשטאַנען אויף איין אָרט. ניט נאָר די עקאָנאָמישע באַדינגונגען אין לאַנד האָבען זיך געביטען, נאָר אויך די גייסטיגע. עס איז אויסגעוואַקסען א נייער דור, וואָס האָט זיך דרייסט און מוטיג געריסען צום קאַמף. דער נייער דור האָט געהאַט א נייעם באַדען אונטער די פיס, און אַלעס, די געפיהלען און די שטרעבונגען, זײַנען ביי זיי געווען ניי, ניט אַזוי ווי ביי אונז... און עס איז געווען ניט מעהר ווי נאַטירליך, אַז אין אַזאַ נייער אַטמאָספערע, זאָל איך זיך פיהלען ווי עפּיס א מין ווידער־קול פון אַן אַלטער צייט, אָדער ווי אַן אַלטע מטבע, וואָס ווערט באַטראַכט אַלס אַן אַנטיק... די אַלטע מטבע האַלט אויס אַלע כללים, אין וואָג און אין מאָס, אָבער צווישען די נייע מטבעות, וואָס גלאַנצען אַזוי שעהן, פאַרלירט זי זיך... אמת טאַקי, ביי זיך אין האַרצען באַגרים איך דאָס נייע לעבען... אָבער ווי קום א י ך צו דעם? וואָס טהו א י ך דאָ? איך בין א בלאַט פון אַן אַל־טען ספר, וואו עס זײַנען פאַרשריבען די געשעהענישען און פאַ־סירונגען פון דער צייט וואָס איז שוין לאַנג אַוועק... נייגיעריגע

מענשען געהען צו און הויבען אָן מישען די בלעטער זעהר פאַרזיכ־
טיג, זיי זאָלען זיי נאָך, חלילה, ניט צורייסען... זיי גיבען אַ כאַפּ
אַ קוק דאָ, אַ קוק דאָרטען, לעזען איבער אַ פּאָר שורות, און —
נ'יאָ! אַן אַלטער דאָקומענט... אַ דאָקומענט פון אַמאָליגע צייטען,
וואָס וועלען זיך שוין מעהר ניט אומקערען...

פריהער איז געווען אַנדערש. די אומשטענדען פון מיין לע־
בען האָבען זיך אַלץ צונויפגעלעגט אַזוי, אַז איך האָב זיך געקענט
אַריינרעכענען אין אַ געוויסען כלל. אַזוי איז געווען אין די קינדער־
יאָהרען ווען איך האָב אַרום זיך געהאַט אַ סך שוועסטער און ברי־
דער און קרובים; אַזוי איז אויך געווען אין אינסטיטוט, וואו איך
האָב געהאַט אַ סך חבר'טעס; דאָס זעלבע איז אויך געווען ווען
איך בין אַלט געוואָרען 19 יאָהר און בין אַוועקגעפאָהרען קיין צו־
ריך לערנען אין אוניווערסיטעט; דאָרטען האָב איך געהאַט אַ סך
חברים און פריינד, וועלכע האָבען געשטרעבט צו איין געזעלשאַפט־
ליכען אידעאַל און געאַרבייט פאַר איהם. און שפּעטער, ווען איך
בין אַריין אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, בין איך דאָך גע־
ווים געווען איינע פון אַ כלל; מיר האָבען געהאַט אַ געהיימע אָר־
גאַניזאַציע, וואָס האָט אונז אַלעמען פאַרבונדען, מיר זיינען געווען
פאַרפליכטעט אַוועקצוגעבען אַלע אונזערע כוחות און אַלעס וואָס
מיר פאַרמאָגען „פאַר'ן פאָלק" און „פאַר דער פרייהייט".

דערנאָך — די שליסעלבורגער פעסטונג. דאָרטען בין איך
אויך געווען אַרומגערינגעלט מיט חברים, און כאָטש מיר זיינען
געווען אָפּגעזונדערט איינע פון די אַנדערע, זיינען מיר דאָך שטי־
לערהייט געווען פאַראייניגט.

עס איז אויסגעקומען אַזוי, אַז אַלע מאָל בין איך געווען איינע
פון אַ כלל.

אָבער איצט? איצט ווען מען האָט מיך אַרויסגעוואָרפען פון
דער שליסעלבורגער פעסטונג, וואו מען האָט מיך געהאַלטען פאַר־
שפּאַרט גאַנצע צוואַנציג יאָהר, וואו די ליעבע צו מענשען, צום
פאָטערלאַנד, צו דער אייגענער פאַמיליע, ווי אויך צו די פאַמיליעס
פון נאָהענטע חברים, איז אין דער נשמה אינגאַנצען פאַר'סם'ט
געוואָרען — איצט בין איך געבליבען אָהן גאָר ניט, אינגאַנצען
אַרויסגעשטויסען פונ'ם לעבען און פון דער גאַנצער וועלט.

קיין כלל, קיין געזעלשאַפט... ניטאָ ביי וואָס אָנצוטשעפּען די
דינע פעדימלאַך, וואָס ציהען זיך נאָך פונ'ם אייגענעם לעבען...

ניטאָ קיין ציעל, ניטאָ קיין תכלית, ניטאָ נאָך וואָס זיך צו יאָגען.

און ווידער אַמאָל דיזעלבע פראַגע:

„ווי אַזוי לעבט מען? מיט וואָס לעבט מען?" און: „צי לוינט זיך בכלל צו לעבען?"

פונ'ם לעבען, פונ'ם אמת'ען לעבען, בין איך שוין לאַנג געווען ארויסגעשטופּט! אַזוי לאַנג, אַז איך האָב זיך שוין אַליין ניט געקענט דערמאַנען ווען דאָס איז געווען! פון דער שליסעלבורגער פעסטונג האָט מען מיך ארויסגעוואָרפען געגען מיין אייגענעם ווילען, פונקט אַזוי ווי מען האָט מיך אַהין אריינגעוואָרפען... און אַ מענש איז דאָך ניט קיין פּילקע, וואָס מען קען וואַרפען אַהין און אַהער... אַ ציעל אין לעבען... וואו נעמט מען ערגיץ אַ ציעל אין לעבען?

אפילו אין שליסעלבורגער פעסטונג האָב איך דאָך געהאַט אַ ציעל, אַ שטרעבונג, אַ אידעאַל. אַנדערע מענשען, זייטיגע, האָט זיך געקענט דוכטען, אַז אונזער שטרעבונג איז אַ פאַנטאַזיע, אַ טרוים... אָבער דאָס גאַנצע לעבען אונזערס דאָרטען איז געווען אַ פאַנטאַזיע און אַ טרוים.

צווישען די פאַרשטיקטע ווענט פון דער פעסטונג, וואו עטליכע דורות האָבען זיך געפּלאָגט און געמוטשעט, האָבען מיר געשטרעבט צו אַ הויכען אידעאַל. דער ציעל איז געווען די האַרמאָניע פונ'ם לעבען, דער עיקר פון אַלע עיקרים, די האַרמאָניע פונ'ם טויט — מיט'ן לעבען.

איצט אָבער, אויף דער „פרייער וועלט", איז פון דעם אַלעם גאָר נישט געבליבען; די פריהערדיגע האַרמאָניע איז געווען צושטערט, קיין באַשטימטער ציעל איז ניט געווען... מען האָט געדאַרפט עפּיס באַשאַפען, אָדער בעסער געזאָגט — אָנהויבען אַלעם אויף ס'ניי...

אָבער ווי אַזוי טהוט מען דאָס? קיין פאַרבינדונג מיט דער וועלט האָב איך מעהר ניט, פונ'ם לעבען בין איך אָפּגעריסען. „אַ שעפּעלע אַהן אַ טשערעדע", — ווי אוספּענסקי וואָלט געזאָגט. אַז אַדער, וואָס צאַפּעלט זיך ערגיץ איינער אַליין.

און מיר איז געווען שרעקליך שווער אַזוי צו לעבען! איך האָב געמוזט האָבען פאַר זיך עפּעס אַ ציעל, איך האָב געמוזט האָבען אין לעבען שטערונגען, וואָס מען דאַרף באַזייטיגען אָנטוענדיג זיך אַ

כוח, איך האָב געפיהלט, אַז איך מוז האָבען אַ פאַרבינדונג מיט מענשען, מיט מיין פאָטערלאַנד און מיט דער גאַנצער וועלט.

אָבער ווי אַזוי? וואָס טוט מען פאַרט, אַז איך זאָל זיך קענען אריינפּאַסען אינ׳ם נייעם לעבען? דער חשק צו לעבען איז גרויס, אָבער די כוחות זיינען זעהר קליין.

און פּונקט דאַן ווען די שטימונג איז ביי מיר געווען אַזאַ גע־דריקטע און איך האָב ניט אויפגעהערט קלערען וואָס איך זאָל טאָן, כדי ניט צו בלייבען אין אַ זייט, אינגאַנצען ארויסגעשטויסען פונ׳ם לעבען — פּונקט דאַן האָט זיך די פּאָליציי ווידער אַריינגעמישט און מיט געוואַלד מיך געצוואונגען צו פאַרלאָזען די היים, פון וועל־כער איך בין אַזוי פיעל יאָהרען געווען אָפּגעריסען, און זיך באַזע־צען אין אַ פאַרוואָרפען דערפעל, ערגיץ אין אַ וויסטען געגענד, וואָס איז ווייט פון שטאָדט.

ווען איך וואָלט טאַקי געווען געפאָהרען קיין פּעטערבורג שטי־לערהייט, וואָלט מיך ניט געאַרט וואָס מען באַשטראָפט מיך דער־פאַר. אָבער דאָס איז דאָך געווען אַ ליגען! איך בין אין פּעטער־בורג ניט געווען און קיין שום רעוואָלוציאָנערע אגיטאַציע דאָרטען ניט אָנגעפיהרט.

וואָס זשע האָט מען צו מיר? פאַר וואָס פאַראומערט מען מיר אַלץ דאָס לעבען?

אָבער וואָס קען איך זיך העלפען? ניט פאָלגען? וועט מען מיך אוועקפיהרען מיט געוואַלד, מען וועט מיך דערנידעריגען און באַליידיגען, און דאַן וועט דער פאַרדרוס זיין נאָך גרעסער.

האָב איך געשוויגען און זיך געלאָזט אוועקפיהרען אין דעם פאַרוואָרפענעם דערפעל.

---

געווען איז דאָס אין אָנפאַנג אַפּריל; אין שטאָדט האָט מען נאָך דאַן ניט געזעהן אפילו קיין סימן פון פריהלינג, און ווען איך בין געקומען אין דאָרף, בין איך ווירקליך איבעראַשט געוואָרען פון דעם שעהנעם פריהלינג, וואָס האָט זיך דאָרטען געפיהלט אויף שריט און טריט.

באַזעצט האָב איך זיך ביי מיין ברודער, אין זיין וואונדערבאַר שעהנעם מאַיאָנטעק, וואו אַלעס ארום איז געווען איינגעטונקען אין גרינס. יעדען פריהמאָרגען בין איך ארויסגעגאַנגען אויפ׳ן גאַניק,

וואָס איז אַרום און אַרום, ביי די שטאַכעטעז, געווען באוואקסען מיט ווילדע וויינטרויבען־בוימלאַך, און דאָרטען האָט זיך פאַר מיר אַ שפּרייט געטאָן אַ שעהנער פרייער הימעל, און איך האָב אריינ־געזאַפּט אין זיך די פרישקייט פון דעם פאַרוואָרפענעם גאָרטען און זיך געוואָרימט אַקעגען די שטראַהלען פון דער זון.

ווי גוט דאָרטען איז געווען! איך האָב ליעב געהאַט צו הערען ווי די בלעטער פון די בוימער שושקען זיך און ווי די פויגעלאַך, די גליקליכע באַשעפעניש, וואָס קוועלען שטענדיג אַז פון גאָט'ס וועלט, פּישטשען אַזוי פרעהלאַך און פליהען אַרום פון צווייג צו צווייג און פון בוים צו בוים.

אַלעס איז אַזוי שעהן. אַזוי אויסערגעוועהנליך שעהן! דער ערשטער שעהנער פריהלינג פאַר מיר אויף דער „פרייער וועלט“. אַ פריהלינג אין רחבות, אין ברייטקייט, אין זיסער, אַנגענעמער פריצ'ישער ברייטקייט... און אַזוי שטיל, אַזוי געמיטליך, אַז עס איז איינפאַך אַ פאַרגעניגען!

געקומען איז דערפעל בין איך אַז אויפגערעגטע און אַ בייזע. איך בין געווען אין כעס אויף דורנאָוואַ'ן, דעם הויפּט פון דער פּאָליציי, און אַזוי ווי איהם אַליין האָב איך גאָר ניט געקענט טאָן, האָב איך אויסגעלאָזט דעם כעס צו מיין שוועסטער, וועלכע האָט מיך באַגלייט...

דער כעס איז מיר אָבער באַלד אָפּגעגאַנגען. די געמיטליכ־קייט, די שטילקייט און די ברייטקייט אַרום און אַרום האָט אויף מיר געווירקט אַזוי גוט, אַז איך בין גאָר אינגאַנצען אַן אַנדערע געוואָרען. איך האָב געוואָלט זיין אין כעס אויף דורנאָוואַ'ן און האָב ניט געקענט... איך האָב געוואָלט זיין בייז אויף איהם און עס איז ניט געגאַנגען...

ווי קען מען זיין בייז, ווען אַרום און אַרום איז אַלעס אַזוי שעהן?!

אָבער וואָס טוט מען פאַרט, אַז איך זאָל זיך ניט פיהלען אַזוי עלענד, איך זאָל ניט זיין אַזוי אָפּגעריסען פון דער וועלט, פון דעם נייעם לעבען?

אַנפילען דאָס לעבען קען מען מיט טעטיגקייט, מיט אַרבייט. אָבער דערביי מוז מען זיך קהל'ען צווישען מענשען, און דאָס איז מיר איצטער שווער, ווייל די עטליכע און צוואַנציג יאָהר אין גע־פענגניש האָבען מיך אַזוי צושרויפט, אַז איך קען ניט אַריבער־

טראגען די געזעלשאפט פון מענשען... עפּעס בין איך ביי זיך אליין געווארען אזוי ציטערדיג, אז מיר דוכט זיך אלץ, אז מיט אן איבע־ ריג ווארט קען מען מיך אוועקבלאזען. ביי זיך אין הארצען פיהל איך א שטארקען באגעהר צו זיין צווישען מענשען, און אין דער זעלבער צייט קען איך זיי ניט אריבערטראגען. די געוואנהייט צו זיין שטענדיג איינע אליין האט זיך מיר אזוי טיעף איינגעגעסען אין די ביינער, אז עס איז אוממעגליך געווען פטור צו ווערען פון איהר. איך האב ניט געקענט דולדען דאס קול פון א מענשען, איך האב ניט געקענט הערען קיין שארך, עס האט מיך געצויגען צו שטילקייט, צו טויטער שטילקייט.

א סך מאל האב איך געפּרואווט זיך אנצוטאן א כח און דוקא זיין וואס מעהר צווישען מענשען. אבער מיר איז דאס אנגעקומען שרעקליך שווער. און נאך ביז היינטיגען טאג איז מיר שווער לאנג צו פארברענגען אין א געזעלשאפט פון מענשען; בלויז אין שטיל־ קייט געפין איך זיך אליין.

און חוץ דעם איינענעם געפיהל, וואס האט מיך געטריבען צו איינזאמקייט און שטילקייט, האט די פאליציי מיך אויך ניט צור־ געלאזט נאהענט צו מענשען. מען האט אויף מיר שטענדיג געהאל־ טען אן אויג; פון יעדען שפאן וואס איך מאך האט די פאליציי גע־ דארפט וויסען, און עס האט קיין איין מאל ניט געטראפען, אז איך זאל געהן שפאצירען און א באוואפענטער וועכטער זאל מיר ניט נאכגעהן. און ניט נאר אויף מיר האט מען געהאלטען אן אויג, אויך אויף די מענשען, וואס האבען זיך אנגענומען מיט מוט און זיינען געקומען צו מיר צו גאסט, נאכדעם ווי מען האט מיך געבראכט צוריק אהיים, האט מען געקוקט מיט חשד און פאר־ שריבען זייערע נעמען אין א בוך, און דערפאר האט מען טאקע מורא געהאט צו מיר צו קומען.

מען האט זיך איינפאך געהיט פאר מיר. מען האט מיך אויס־ געמיידט, כדי ניט ארויפצוציהען אויף זיך קיין חשד און ווערען טריף ביי דער פאליציי. נו, צו וואס זשע האב איך זיך געקענט נעמען און אין וועמעס לעבען האב איך זיך געקענט ארייננמישען?

איך האב קיין זאך ניט געטארט טאן. אלעס איז פאר מיר געווען פארבאטען. אפילו דאס רעכט זיך אפצוגעבען מיט מיין פראפעסיע און פראקטיצירען מעדיצין האט מען ביי מיר צוגענומען;

איך האב ניט געטארט זיין קיין דאקטאר, כאטש איך האב געהאט
א דיפלאם דארויף. אלע רעכט האט מען ביי מיר צוגענומען.

אבער עפעס האב איך דאך געמוזט טאן! איז מיר איינגע־
פאלען זיך אפצוגעבען מיט צדקה — העלפען די מענשען, וואס
נויטיגען זיך אין מאטעריעלער הילף.

א ביסעל ערפאהרונג אין דעם האב איך געהאט, ווייל נאך אין
ניאנאקסא, אין דעם פארווארפענעם דארף אין ארכאנגעלסקער גו־
בערניע, האבען זיך ארימע מענשען, אלמנות און יתומים און גלאט
נידערגעשלאגענע און געקריוודעטע, גאנץ אפט געווענדעט צו מיר,
איך זאל זיי העלפען מיט געלט, און איך האב זיי טאקע געהאלפען,
וויפיעל איך האב נאר געקענט. איך ווייס ניט פארוואס — אבער
עפעס ווי פון זיך האט זיך דארטען פארשפרייט א קלאנג, אז איך
בין א פרינצעסין, וואס האט זיך מיט עפעס פארזינדיגט ביים קיסר
אין הויף און אז דערפאר האט מען מיך אויף א קורצער צייט
פארשיקט אין אזא ווייטען געגענד. אויף דעם חשבון זיינען א סך
ארימע מענשען געקומען צו מיר בעטען נדבות, און אזוי ווי איך
האב געהאט ביי זיך א ביסעל געלט, האב איך געטיילט, וויפיעל
עס איז נאר געווען מעגליך. די פאליציי האט מיר דארט אין דעם
ניט געשטערט.

אין 1906, פריהלינגס־צייט, זיינען ביי אונז אין דארף, און
אויך אין די ארומיגע דערפער, געווען א סך נויטבאדערפטיגע,
ווייל אין קאזאנער גובערניע איז מיט א יאהר צוריק די תבואה
אויף די פעלדער ניט געווען געראטען. דאן האט די רעדאקציע
פון א געוויסען זשורנאל מיר צוגעשיקט 800 רובעל, איך זאל זיי
צוטיילען צווישען די ארימע פויערים, און א פילאנטראפישע גע־
זעלשאפט האט מיר צוגעשיקט נאך עטליכע הונדערט רובעל, איך
זאל זיי צוטיילען צווישען די פויערים, וואס דארפען קויפען פערד
און האבען קיין געלט ניט.

עס איז אויסגעקומען אזוי, אז איך האב מיט אמאל געקראגען
הונדערטערס אויף צדקה, ארויסצוהעלפען ארימע מענשען. און
פון דאן אן האט זיך פאר מיר אנגעהויבען א צעטעל פון צרות
און אפקומענישען. פון דאן אן איז אוועק א גאנצע רייהע פון אונ־
אנגענעמע באגעגענישען, וואס האבען געבראכט ענטוישונג און
ארויסגערופען דעם פארדרוסיגען באוואוסטזיין, אז דאס וואס איך
טו טויג ניט, אז איבער דעם הויבען די פויערים אן קוקען אויף

מיר מיט אנדערע אויגען און אז עס קען נאך קומען דערצו אז איך אליין זאל איבער דעם פארלירען דאס וויכטיגסטע — די ליעבע, וואס איך האב שטענדיג געפיהלט צו די אָרימע רוסישע פויערים.

פון סאמע אנפאנג אז בין איך באגאנגען פעהלערען... און איצט, ווען איך דערצעהל וואס איך האב דאן געטאן, בין איך דער־מיט אויסען צו באווייזען וואס א מענש דארף ניט טאן...

דער גרעסטער פעהלער איז באשטאנען אין דעם, וואס איך האב געהאנדעלט ניט אזוי ווי מיט יאהרען צוריק, ווען איך האב זיך באזעצט אין דארף מיט אן אויפגאבע צוצוקומען נאָהענט צום פויער און איהם אויפקלערען וואס ער דארף טאן כדי צו פארבע־סערען זיין אייגענע לאגע. דאן האב איך צוליעב דעם אליין גע־לעבט אָרים, אין א פויערשע שטיבעלע, און זיך ניט פארגונען צו עסען בעסער און לעבען ברייטער ווי דער געוועהנליכער פויער. איצט אָבער איז געווען אינגאנצען אנדערש; איך האָב זיך אויפ־געהאלטען ביי מיין ברודער אין הויז, אויף א רייכען, פריצ׳ישען מאיאנטעק, וואס איז ארומגערינגעלט מיט גרינס און מיט א סך תבואה. עס איז אויסגעקומען אזוי, אז איך בין די „פריצה", וואס לעבט אין ראסקאש, אין דער צייט ווען ארום און ארום געפינען זיך קליינע, דושנע שטיבעלאך, מיט שטרויענע דעכער, און דאָרטען וואוינען אָרימע פויערים, וועלכע האבען ניט וואס צו עסען; עס איז אויסגעקומען אזוי, אז איך בין צו זיי ניט קיין אייגענער מענש, א נאָהענטער, א פריינד, נאָר פארקערט — א פרעמדער, א ווייטער, א שונא.

און דאס איז דאך געווען ניט ריכטיג!

בין איך דען געווען א „פריצה"? ביי די פויערים אין די אויגען האב איך אפשר אויסערליך אויסגעקוקט אזוי. אָבער דער מאיאנטעק איז דאך ניט געווען מיינער; איבער די שייערען מיט תבואה בין איך ניט געווען די בעל־הבית׳טע; איך האב קיין שום דעה דאָרט ניט געהאט; איך האָב עס קיינעם ניט געקענט אוועק־געבען און איך האב דאָרט גאָרניט געקענט נעמען.

און דא איז נאך אויסגעקומען אזוי, אז פאר לייטען בין איך דאס די צדקה־געבערין. „קומט און נעמט. איך טייל צדקה!"

וויפיעל געלט איך האב אין מיין רשות אויף צוצוטיילען — דאס האט קיינער, אויסער מיר, ניט געוואוסט. אָבער ביי זיך אין

הארצען איז יעדער פויער געווען זיכער, אז איך, די „פריצה,“ האב אודאי אן אוצר, וואס שעפט זיך גאר קיינמאל ניט אויס.

דער פאקט אליין, וואס איך גיב געלט, איז אנגענומען געווארען אלס דער בעסטער באווייז, אז איך האב געלט. און אויב עס האט זיך אמאל געטראפען, אז איך האב ניט געקענט גיבען אזוי פיעל וויפיעל יענער האט געוואלט, איז ביי איהם גאר קיין צווייפעל ניט געווען, אז האבען האב איך גענוג, אבער איך וויל ניט גיבען דערפאר וואס איך בין א שלעכטע. און טאמער האב איך אמאל אימיצען אפגעזאגט, ווייל איך האב פארשטאנען, אז עס זיינען פאראן בילכערע פאר איהם, איז ער מיר געווארען א שונא.

איינער איז געווען צופריעדען פון דער סומע, וואס איך האב געגעבען, און יצעהן — ניט. עס איז ניט אוועק קיין טאג איך זאל זיך ניט שאפען קיין נייע שונאים, און חוץ דעם אלעמען האט מיר די גאנצע צדקה־גיבעניש פארשאפט יסורים דערמיט וואס עס איז מיר שווער געווען אפצוזאגען.

און פונקט אזוי ווי די פויערים האבען אין מיר דערזעהן די שלעכטע זייט, אזוי האב איך אין זיי אויך דערזעהן די שלעכטע זייט, די ערגסטע. ווארים איך האב דאך געהאט דעם אומגליק צו שפיעלען די ראלע פון דער רייכער „פריצה,“ עס האט דאך געהייסען, אז איך האב געלט, האט מען ביי מיר געבעטען און געבעטעלט: מען האט מיר געזאגט ליגען, מען האט מיך גע'חנפ'עט און מען האט זיך דערנידעריגט פאר מיר... און ווען איך האב דאס געזעהן, האב איך ערשט דאן פארשטאנען ווי פאסקודנע עס איז צו האבען געלט אין דער צייט ווען אנדערע האבען ניט... איך האב דערפיהלט די מיאוסע, עקעלהאפטע מאכט, וואס געלט האט אויף א מענשען, וועלכער איז זשעדנע צו פארכאפען פאר זיך אויך א חלק. עס איז מיר געווען שרעקליך אומאנגענעם וואס איך האב די מאכט צו גיבען געלט און אויך די דעה וויפיעל און וועמען צו גיבען.

ווען ניט די פוסטקייט אין לעבען, וואלט איך זיך דאן פאר קיין פילאנטראפישער ארבייט ניט גענומען. אבער וואס דען האב איך געזאלט טאן? פריהער, מיט א סך יאהרען צוריק, ווען איך האב, צוזאמען מיט מיין שוועסטער, זיך באזעצט אין א דארף, אין סאראטאווער גובערניע, כדי מיר זאלען דארטען קענען אנפיהרען א רעוואלוציאנערע פראפאגאנדע, האבען מיר אפגעמאכט ביי זיך,

אז דאס בעססטע איז זיך אוועקצושטעלען מיט'ן פויער אויף איין מדרגה און לעבען פונקט אזוי ווי ער, כדי מען זאל אויף אונז ניט דארפען קוקען ווי אויף פריצ'ישע טעכטער, וואס בלאזען פון זיך. מיר האבען געוואוסט, אז אויב די פויערים וועלען אויף אונז קוקען ווי אויף פריווילעגירטע, ווי אויף רייכע, וועט עס ניט טויגען.

מיר האבען ניט געוואלט, מען זאל זיך פאר אונז בויגען; מיר האבען געוואלט, אז מען זאל קוקען אויף אונז ווי אויף מענשען, וואס ברענגען נוצען מיט זייער קענטעניש, מיט זייער בילדונג, און ניט מיט זייער קעשענע. מיר האבען געוואלט, מען זאל אויף אונז קוקען ווי אויף מענשען וואס ארבייטען, אויב ניט מיט די הענט, איז מיט'ן קאפ. מיר האבען בשום אופן ניט געוואלט דער־לאזען דערצו, אז מען זאל קוקען אויף אונז ווי אויף פריצים, וועלכע קענען זיך פארגינען צו באצאהלען פאר דער ארבייט, וואס אנדערע טוען פאר זיי — פריצים, וואס איז א מצוה זיי אפצונארען און ביי וועמען מען קען דורך פארשיעדענערליי מיטלען ארויסשלעפען א נדבה פון א פאר גראשען.

כדי די פויערים זאלען זיך צו אונז באציהען איינ־פאך און אויפריכטיג, האבען מיר זיך געפיהרט פונקט אזוי ווי זיי און געלעבט פונקט אזוי ווי זיי. מיר האבען געוואוינט אין א פויערשער שטיבעלע. און כאטש אונזערע פריינד, די פאמיליע פון דעם פריץ יערמאלאיעוו, האבען אונז געבעטען, מיר זאלען זיך באזעצען אין זייער מאיאנטעק, האבען מיר דאס ניט געוואלט, כדי דערמיט ניט צו דערווייטערען די פויערים פון זיך, ווייל ווען זיי וועלען זעהן, אז מיר וואוינען ווי פריצ'ישע טעכטער, וועט שוין זייער באציהונג צו אונז זיין אינגאנצען אן אנדערע. אלעס האט ביי אונז געדארפט אויסזעהן ארים און איינפאך, כדי ניט רייסען די אויגען פון די פויערים. די דיענסט, וואס מיר האבען געהאלטען, אן ארימע, אלטע פויערטע, איז געווען זעהר א קליינע בריה אין דער קונסט פון קאכען פארשיעדענערליי מאכלים און זי האט אונז געקארמעוועט מיט וואס ס'האט זיך נאר געמאכט. ארום און ארום פלעגט ביי אונז אין יענער צייט אוועקגעהן ניט מעהר ווי צוועלף־דרייצעהן רובעל א חודש, און פון דעם איז ניט שווער זיך פארצושטעלען ווי „גרויסארטיג" מיר האבען דאן געלעבט.

דערפאר אבער האט קיינער ביי אונז גארניט געבעטען און אלע פויערים זיינען געווען צופריעדען דערפון, וואס מיר פאר־

זארגען זיי מיט רפואות און לערנען אומזיסט מיט זייערע קינדער. פאר דער גאנצער צייט וואס מיר האבען דאן געוואוינט אין דארף, האט מען זיך צו אונז קיינמאל ניט געווענדעט ווי צו קיין בעל־צדקה'ניצעס. בלויז איין מאל האט איינער געבעטען, מיר זאלען איהם לייהען א ביסעל געלט. נאר אזוי ווי מיר האבען איהם קיין געלט ניט געקענט לייהען, האט ער אויף אונז קיין פאראיבעל ניט געהאט. און איך מוז זאגען, אז אונזערע באציהונגען מיט די פויערים אין דארף זיינען אלע מאל געווען גוטע און אויפריכטיגע, און סאי איך און סאי מיין שוועסטער זיינען פונ'ם דארף אוועק מיט'ן בעסטען איינדרוק.

עס איז פשוט געווען א פארגעניגען צו זעהן ווי די פויערים רייסען זיך צו בילדונג און עס איז אויך געווען אנגענעם צו פיהלען ווי גוט זיי באציהען זיך צו אונז, צו די מענשען, וועלכע האבען דאס גליק צו זיין געבילדעט.

אין די יאהרען 1878-79 איז אין די דריי וואלאסטען פון פעטראווסקער אויעזד, וואו איך האב געארבייט אלס א פעלד־שעריז, קיין איין שקאלע ניט געווען; אין דעם דארף וויאזמינע, וואו איך און מיין שוועסטער האבען געוואוינט, האט מען אין יענער צייט געקענט געפינען ניט מעהר ווי א צוויי־דריי מענשען, וואס קענען א ביסעל לעזען און שרייבען. דערפאר אבער איז דאס שטרעבען צו בילדונג געווען זעהר גרויס; מען האט איינפאך גע־זעהן ווי די פויערים גארען נאך בילדונג און ווילען וויסען וואס ס'טוט זיך אויף דער וועלט. און אלע מאל, ווען איך און מיין שוועסטער פלעגען, אויף דער נאכט, נאך א שווערען טאג ארבייט, אריינקומען מיט א ביכעל צו א פויער אין שטיבעל, פלעגען זיך באלד צונויפקומען אלע שכנים און מיט דער גרעסטער אויפמערק־זאמקייט זיך צוהערען צו יעדען ווארט, וואס מיר האבען געלייענט, אדער אזוי געזאגט. דאן האבען מיר געפיהלט וואס פאר אנגעלעגטע געסט מיר זיינען, ווי אלע פרעהען זיך דערמיט וואס מיר זיינען געקומען, און אוועקגעהענדיג, האבען מיר געפיהלט ווי מען באגלייט אונז מיט בליקען פון גרויס דאנקבארקייט.

גאר א באזונדער ליעבע האבען די פויערים ארויסגעוויזען צו מיין שוועסטער יעווגעניא, וועלכע האט אומזיסט געלערענט די קינדער לעזען און שרייבען, און קיין אנדער נאמען ווי „אונזער גילדענע לעהרערין" האט זי ביי זיי ניט געהאט. און אט די גוטע

עראינערונג פונ׳ם דארף האב איך מיטגענומען אין טורמע און זי געהאלטען אין זכרון די אלע יאהרען, וואס איך בין געווען פאר־שפארט אין דער שליסעלבורגער פעסטונג.

און איצט, אין 1906, נאכדעם ווי עס זיינען אוועק אזוי פיעל יאהרען, בין איך ווידער אריינגעפאלען אין דארף און געקומען אין נאהענטער באריהרונג מיט די פויערים. אבער וואס פאר א גרויסער אונטערשיעד עס איז פון דאמאלט ביז איצט!...

עס פארשטעהט זיך, אז זעהר גוט האב איך דאס דארף ניט געקענט, און וועגען די פויערים, אלס א מאסע, האב איך אויך געהאט ניט אזא קלארען באגריף... פשוט ניט אוספייעט זיי צו דער־קענען אלזייטיג, ווייל נאך אלעמען האב איך דאך צווישען זיי געלעבט ניט זעהר לאנג און דערצו בין איך שטענדיג געווען פאר־נומען און עס איז מיר ניט אויסגעקומען זיך צו טרעפען מיט זיי צו אפט. אונזער לאגע אין יענעם דארף אין סאראטאווער גובערניע איז געווען א ספעציעלע. די פויערים האבען געקוקט אויף אונז ווי אויף א טשיקאוואסט. מיר האבען זיך אינטערעסירט מיט דער מענשליכער זייט פונ׳ם פויער און דאס אליין האט אונז שוין אוועקגעשטעלט אויף א געוויסער הויך, און אין דער זעלבער צייט האט דאס אויך אויפגעהויבען הויך דעם פויער, אריינ־פיהרענדיג איהם אין א וועלט פון גייסטיגע אינטערעסען. צווישען אונז און זיי איז ניט געשטאנען די קופערנע קאפיקע און דער זילבערנער רובעל; זיי האבען אויף אונז ניט געדארפט ארבייטען און עס האט ניט געהייסען, אז מיר זיינען פון די מענשען, וועמען זיי קענען זייער ארבייט פארקויפען. דאס איז גלאט געווען א יום־טוב פון לעבען. די באציהונג פון ביידע צדדים איז געווען א דערהויבענע, א יום־טוב׳דיגע. „נייע מענשען זיינען צו אונז געקומען“ — אזוי האט זיך וועגען אונז אויסגעדריקט דער שרייבער פונ׳ם וואלאסט. די „נייע מענשען“ האבען אריינגעטראגען א „נייעם“ גייסט אין דארף אריין — א גייסט, וואס איז פריהער דארטען געווען אינגאנצען פרעמד. מיר זיינען געווען אנדערש פון די, וואס האבען געהאט געלט אין קעשענע און די מאכט אין דער האנט; אויף אונז האט מען ניט געקענט קוקען אזוי ווי אויף דעם פריץ, אדער ווי אויף דעם בעאמטען, און אויך ניט אזוי ווי אויף דעם גלח, וואס נעמט געלט דערפאר וואס ער דאווענט. און א דאנק דעם וואס מיר זיינען געווען אנדערש, האבען די פויערים אין דארף

אונז גלייך פאַרשטאַנען און עס איז פאַר זיי געווען קלאָר, אַז אַלעס וואָס מיר טוען צו העלפען אַרימע און אומגליקליכע איז „דליא דושי" — פאַר דער נשמה. און פונקט אַזוי ווי די פויערים אין דאָרף האָבען אין יענער צייט געקענט זעהן אין אונז בלויז די שעהנע זייט, אַזוי האָבען מיר אין זיי אויך געקענט זעהן בלויז די שעהנע זייט. דאָס איז געווען נאַטירליך, ווייל די לאַגע איז געווען אַזאַ, אַז אַנדערש האָט עס ניט געקענט זיין.

דער אמת איז געווען, אַז אין מיין בליק אויף די פויערים אין דאָרף איז געווען אַ סך סענטימענטאַליטעט. דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט ניט נאָר פון די ספּעציעלע אומשטענדען, וואָס איך האָב אויבען געשילדערט, נאָר אויך פון דער גאַנצער ענטוויקלונג, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט — דער איינפלוס פון דער ליטעראַטור, און שפּעטער דער איינפלוס פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וועל־כע האָט אַרויפגעלעגט איהר אייגענעם שטעמפּעל ניט נאָר אויף מיין נשמה, נאָר אויך אויף די נשמות פון דעם גאַנצען דור, וואָס האָט געלעבט אין יענער צייט. דאָס לעבען אין דאָרף אין יענער צייט האָט ביי דער רוסישער אינטעליגענטער יונגוואַרג נאָך שטאַר־קער געמאַכט די אידעאַליסטישע באַציהונג צום פאָלק, צום פויער. ווען איך בין געקומען אין דאָרף האָב איך געקוקט אויפ'ן פויער דורך ראָזעווע ברילען, און אַזוי האָב איך אויך געקוקט אויף איהם ווען איך בין פונ'ם דאָרף אַוועק. ביי מיר איז דאָס געווען אַן אילוזיע. אָבער די אילוזיע איז ביי מיר געווען זעהר טייער; זי האָט מיר געגעבען מוט צו אַרבייטען, זי האָט ביי מיר אַרויסגע־רופען די שעהנסטע געפיהלען און די וואַרימסטע באַציהונג צו זיי, צו די אַרימע, געקריוודעטע פויערים.

פאַר אַ ביישפּיעל, ווי נאַאיוו איך בין דאַן געווען, וועל איך דאָ דערציילען אַ פאַל, וואָס איז פאַרגעקומען צווישען מיר און דעם שרייבער גלעב איוואַנאָוויטש אוספּענסקי, וועלכער האָט קיין גלייכען ניט צו זיך אין דעם אופן ווי ער שילדערט דאָס לעבען אין רוסישען דאָרף:

דאָס איז געווען אָסיען־צייט, אינ'ם יאָהר 1880, ווען איך האָב שוין געהאַט פאַרלאָזט דאָס דאָרף. אין די „אָטעטשעסטווענניא זאַפּיסקי" איז דאַן ערשיענען אוספּענסקי'ס אַן ערצעהלונג, וואָס האָט איינפאַך געאָטעמט מיט דעם ביטערען אמת פונ'ם לעבען אין דאָרף. איך געדענק שוין ניט צי דאָס איז געווען די ערצעהלונג

„דאָס טשעק־ביכעל,“ אָדער „אַ נאָטיץ־ביכעל.“ איינמאָל, ווען איך בין געווען ביי אוספּענסקי׳ן אין הויז צו גאַסט, איז ער צוגעגאַנגען צו מיר און מיך געפרעגט וואָס איך דענק וועגען זיין ערצעהלונג. האָב איך זיך ניט געשעהמט און אַרויסגעזאָגט מיין מיינונג... איך האָב איהם געזאָגט, אַז אַלעס וואָס ער שרייבט, איז צופיעל דורכ־געדרונגען מיט פּעסימיזם און דערפאַר געפעלט דאָס מיר ניט...

„ווען מען לעזט אייך, — האָב איך איהם געזאָגט, — קומט אויס, אַז אין דאָרף איז אַלעס שלעכט, אַלעס פינסטער... איהר שילדערט בלויז די שלעכטע זייטען פונ׳ם פאָלק, און עס ווערט איינפאַך נודנע צו קוקען אויף דער גאַנצער טשערעדע קליינינקע און נישטיגע מענשעלאַך, וואָס איהר שטעלט אַרויס... אויב עס איז אמת, אַז דער פּויער איז טאַקע אַזוי ווי איהר שילדערט איהם, איז דאַך אָבער אויך אמת, אַז ווען זיין לעבען וועט זיך ענדערען, וועט ער אויך ווערען אַנדערש... געשיקט זיך, אַז אין דאָרף, ביים פּויער אין דער נשמה, קענט איהר ניט געפינען קיין איין שטריך קיין ליכטיגען? געשיקט זיך, אַז ער פאַרמאָגט גאָרניט אין זיך קיין ריהרענד־סימפּאַטישע זייטען, קיין צוציהענדע זייטען?! צו וואָס מאָהלען דאָס דאָרף אין אַזעלכע פאַרבען, אַז עס זאָל זיך גאָר קיינעם ניט גלוסטען צו קומען אַהין, און אַלע זאָלען זיך רייסען וואָס גיכער צו אַנטלויפען פון דאָרטען?“...

גלעב איוואַנאָוויטש האָט מיך געדולדיג אויסגעהערט און אַלץ מעהר און מעהר פאַרקנייטשט דעם שטערן. דערנאָך איז ער גע־וואָרען אומעטיג, און ווענדענדיג זיך צו די אַרומיגע, וואָס זיינען ביי איהם אין שטוב געזעסען, האָט ער אָנגעהויבען ריידען מיט זיין גוטמוטיג־איראָנישען טאָן:

— איהר זעהט, — האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכעל, — ווערא ניקאָלאַיעוונא איז ברוגז אויף מיר פאַר דעם פּויער, וואָס איך האָב געמאָהלען! איהר געפעלט ניט מיין „מוזשיק“!... זי פאָדערט אַז אַנדערען... גיב איהר אַ „מוזשיק,“ אָבער אַזאַ, וואָס זאָל זיין זיס ווי אַ שאָקאָלאַדקע!...

אַלע האָבען זיך צולאַכט, און איך אַליין האָב אויך געלאַכט, ווייל עס איז מיר זעהר שטאַרק געפעלען געוואָרען אוספּענסקי׳ס ענטפער... דעם ג א נ צ ע ן אמת פון זיינע ווערטער, דעם גאַנצען אמת פון זיין איראָניע האָב איך דאַן נאָך ניט ג ע פ י ה ל ט. און ערשט איצט מוז איך צוגעבען, אַז ווען איך האָב מיט מיין שוועס־

טער געלעבט אין דעם דאָרף, אין סאַראַטאָווער גובערניע, האָב איך
פון דאָרטען אַרויסגעטראָגען דעם איינדרוק, אַז דער פויער איז
ווירקליך זים ווי אַ שאָקאָלאַדקע, און אַזאַ שאָקאָלאַדקע איז ער ביי
מיר פאַרבליבען די גאַנצע צייט...

און מיט דעם זעלבען איינדרוק בין איך אין 1906 געקומען אין
דאָרף אַריין. געקומען און זיך גענומען פאַר אַן ארבייט וואָס איך
האָב ניט געדאַרפט טוען — אַן אַרבייט וואָס איז געווען פונקט
דער היפוך פון דעם וואָס איך האָב געטאָן מיט יאָהרען צוריק.
וואָרים ד אָ ן האָב איך אַליין פאַר זיך אויסגעקליבען אַן אַרבייט,
וואָס איז מיר געווען צום האַרצען און געטאָן דאָס, וואָס איך האָב
געוואָלט. א י צ ט אָבער איז די גאַנצע לאַגע געווען אַן אַנדערע,
ווייל חוץ דעם וואָס די פּאָליציי האָט מיך געהאַלטען אויפ'ן אויג,
בין איך דאָך ניט געווען די בעל־הבית'טע פון דעם געלט, וואָס מען
האָט איבערגעגעבען אין מיין רשות. עס איז אויסגעקומען אַזוי,
אַז ניט נאָר האָב איך ניט געקענט טאָן קיין אמת'ע טובות, נאָר
נאָך געמוזט טאָן פאַלשע טובות, כדי צו מאַכען אַן אָנשטעל, אַז
איך טו עפּעס און העלף טאַקע אַרויס אָרימע מענשען.

איך האָב גענומען אַ זשמעניע געלט, טאַקע ניט מעהר ווי אַ
זשמעניע, און זיך אַוועקגעשטעלט דערמיט צווישען אַ מחנה אָרי־
מע־לייט... קיין רייכע, אָדער פאַרמעגליכע מענשען זיינען אַרום מיר
ניט געווען... די אַלע פויערים, מיט וועלכע עס איז מיר אויסגע־
קומען זיך צו טרעפען, האָבען געוואוינט אין קליינע, נידעריגע כאַ־
לופּקעס, מיט איינגעפאַלענע שטרויענע דעכער און מיט שמוציגע
פאַרקענס אַרום און אַרום; ערנעהרט האָבען זיי זיך מיט ברויט
מיט טהעע און ווידער ברויט מיט טהעע; זייערע קינדער זיינען
געווען איינגעדאַרטע און איינגעקוואַרטע און צווישען די דערוואַק־
סענע האָט מען ניט געקענט געפינען קיין איינעם, ביי וועמען דער
רוקען זאָל ניט זיין געבויגען... אויף שריט און טריט האָט מען גע־
זעהן אָרימקייט, דחקות און נויט, און צווישען די מאַסען האָט מען
ניט געמערקט די מינדסטע שטרעבונג צו בילדונג, צו גייסטיגער
ענטוויקלונג. פיערציג יאָהר האָט דאָרטען אין יענעם געגענד, עק־
זיסטירט אַ שקאָלע, און דאָך זיינען די מעהרסטע פויערים געווען
בעזגראַמאָטנע און האָבען ניט געקענט לעזען און שרייבען... אַ ביב־
ליאָטעק, אָנגעפּאַקט מיט ביכער — אָבער קיינער האָט זיי ניט גע־
לייענט... אָווענט־קורסען פאַר דערוואַקסענע — אָבער קיינער האָט

זיך מיט זיי ניט אינטערעסירט. אַט אַזאַ פּנים האָט געהאַט דאָס דאָרף, דאָס היימישע דאָרף מיינס, וואו איך האָב געהאַט אַן אויפ־גאַבע צו העלפען די פּויערים...

געהייסען האָט עס, אַז איך בין די רייכע, די פּריצה. אָבער אין דער אמת'ן בין איך דאָך קיין פּריצה ניט געווען; דאָס געלט, וואָס איך האָב געדאַרפט צוטיילען, איז דאָך ניט געווען מיינס. און ווייל די לאַגע איז געווען אַזאַ מאָדנע — איך אַ פאַלשע רייכע פּריצה און זיי אמת'ע אָרימע־לייט — האָט געמוזט קומען צו אַזאַ צושטאַנד, וואָס פאַרשאַפט אַ סך אומאַנגענעמליכקייטען. און עס איז טאַקע געקומען.

---

אינ'ם יאָהר 1906 האָט די העכערע גובערנסקע אדמיניסטראַציע ניט אָנערקענט דעם הונגער אין קאַזאַנער גובערניע, און דער גובערנאַטאָר האָט בשום אופן ניט געוואָלט געבען קיין ערלויבעניש צו עפענען ביליגע, אָדער אומזיסטיגע קיכען פאַר די הונגעריגע.

איבער דעם וואָס מען האָט אַזאַ ערלויבעניש ניט געגעבען און די נויט איז געווען זעהר גרויס, האָט די פּיראָגאָווער געזעלשאַפט פון דאָקטוירים אין קאַזאַן גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צו פאַר־טיילען מעהל און זריעה צווישען די אָרימע פּויערים, וואָס נויטיגען זיך אין דעם. אין אונזער אויעזד איז אָט די גאַנצע ארבייט גע־שטאַנען אונטער'ן אויפזיכט פון מיין קוזינע, נאַטאַליאַ פּעטראָוונאַ קופּריאַנאָוואַ. זי איז אין דעם געווען זעהר געניט, ווייל אויך אין די פריהערדיגע הונגער־יאָהרען האָט זי זיך מיט אַזאַ ארבייט אָפּ־געגעבען און דורך איהרע הענט זיינען דורכגעגאַנגען צעהנדליגער און הונדערטער טויזענטער רובעל, וואָס מען האָט געזאַמעלט אין רוסלאַנד, אין ענגלאַנד און אויך אין אַמעריקאַ.

געוועהנליך פלעגט זי זיך פריהער פאַרזאָרגען מיט אַ ליסט, אויף וועלכען עס זיינען געווען אָנגעגעבען די נעמען פון די אַלע פּויערים אין די אָרומיגע דערפער, וואָס זיינען געשטאַנען אונטער איהר אויפזיכט; דערנאָך פלעגט זי, מיט דער הילף פון עטליכע בעלי־בתים פון די דערפער, צונויפשטעלען אַ צעטעל פון די, וואָס נויטיגען זיך, און דאַן פלעגט זי, טאַקע ווידער מיט דער הילף פון די זעלבע בעלי־בתים, פאַרטיילען צווישען די נויטליידענדע מעהל און זריעה.

איידער איך האב זיך גענומען צו דער ארבייט, האב איך זיך צונויפגערעדט מיט מיין קוזינע נאטאליא פעטראָוונא, און עס איז געבליבען, אז ווען איך וועל האבען דאס גאנצע צעטעל פון די אלע פויערים, וואס וואוינען אינ׳ם דארף ניקיפאראָווא, זאל איך ביי די שכנים אנפרעגען וועגען דער לאגע, אין וועלכער די ארימע פויערים געפינען זיך, און דאן זאל איך זעהן העלפען די נויטליידענדע; צווישען די דערוואקסענע זאל איך פארטיילען מעהל און די קינדער זאל איך פארזארגען מיט הירזש אויף קאשע.

וואס שייך אבער געלט אויף צו קויפען פערד, איז געבליבען אזוי:

ערשטענס, זאל איך ניט גיבען די גאנצע סומע, וואס דאס פערד קאסט, נאר בלויז א טייל. דאס הייסט, אז אויב א פויער קומט בעטען, אז איך זאל איהם גיבען געלט אויף צו קויפען א׳ פערד און ער באווייזט, אז א טייל פון דער סומע, וואס דאס פערד דארף קאסטען, האט ער, אבער עס פעהלט איהם נאך א קלייניגקייט, האב איך א רעכט איהם צו גיבען דאס איבעריגע;

צווייטענס, זאל איך ארויסהעלפען מיט געלט אויף צו קויפען א פערד בלויז אזעלכע פויערים, וועלכע האבען ערשט ניט לאנג צוריק יא געהאט פערד און זייער בעל־הבית׳ישקייט געפינט זיך אין אזא לאגע, אז אויב מען וועט איהם ארויסהעלפען מיט א ביסעל געלט און איהם גיבען די מעגליכקייט צו קויפען א פערד, וועט ער קענען ברענגען זיין בעל־הבית׳ישקייט צו אזא צושטאנד, אז עס וועט פאר איהם זיין מעגליך צו שטעהן אויף די פיס און ניט אנקומען צו קיינעם. אויב אבער עס קומט צו געהן א פויער, ביי וועמען די בעל־הבית׳ישקייט איז שוין שרעקליך פארלאזט און עס איז קלאר, אז מיט די פאר רובעל, וואס מען וועט איהם גיבען צו־שטייער אויף א פערד, וועט ער שוין זיין חרוב׳ע בעל־הבית׳ישקייט ניט אויפבויען צוריק, זאל איך איהם קיין געלד ניט גיבען.

אזוי איז באשלאסען געווארען, נעמענדיג אין אכט, אז די סומע געלט, וואס איך האב אין מיין רשות, איז ניט קיין גרויסע.

און אויפ׳ן גרונד פון אט דעם אויסגעארבייטען באשלוס האב איך זיך גענומען צו דער ארבייט.

עס איז איבעריג צו דערצעהלען, אז די פויערים האבען זיך מחנות־ווייז א לאז געטאן צו מיר פון אלע זייטען. און דאס איז געווען ניט מעהר ווי נאטירליך... איבער אלע דערפער ארום און

אַרום האָט זיך באַלד פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אין ניקיפאָראָווא גיט מען; מען גיט געלט, מען גיט ווייץ, מען גיט קאָרן. און ווען מען האָט דערהערט אַזאַ זאַך, האָט מען גענומען לויפן קיין ניקיפאָראָווא.

יעדער איינער, וואָס האָט זיך נאָר אין עפּעס גענויטיגט — און גענויטיגט האָבן זיך אַלע — האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו מיר, אין דעם פּריצ׳ישן מאַיאָנטעק, וואָס איז געווען אַרומגערינגעלט מיט בליִענדע גערטנער און וואו עס זיינען געשטאַנען סקלאַדן מיט תבואה; יונגע און אַלטע, מענער און פרויען, אַלמנות און יתומים — אַלע זיינען געקומען, מען זאָל זיי העלפן. און ניט נאָר די אָרימע פון ניקיפאָראָווא זיינען געקומען, נאָר אויך די אָרימע פון די אַרומיגע דערפער.

איך האָב באַלד דערפיהלט ווי מען שטופּט זיך צו מיר פון אַלע זייטען; פון אין דער פריה ביז אויף דער נאַכט האָט זיך די טיר ניט צוגעמאַכט און מען האָט געהאַלטען אין איין גען צו מיר; איך האָב יעדען איינעם געמוזט אויסהערען, און דאָס אַליין איז פאַר מיר געווען שרעקליך שווער, ווייל איך בין געווען אויסגע־מאַטערט און צובראָכען, אי קערפּערליך, אי גייסטיג... מיינע נער־ווען זיינען געווען צורודערט און איך האָב פּשוט ניט געקענט אויס־הערען קיין לאַנגע מעשיות. די געפיהלען זיינען ביי מיר געווען פאַרהאַרטעוועט, איך האָב ניט געהאַט קיין געדולד, קיין ליעבע און קיין צייט אריינצוגעהן אין דער לאַגע פון יעדען איינעם באַזונדער; איך האָב ניט געקענט אָפּטיילען איין פאַל פון׳ם אַנדערען; איך בין געוואָרען אַ מאַשין, וואָס צוטיילט קליינע נדבות, און דאָס אַליין האָט מיך שיער פון זינען ניט אַרונטערגעפיהרט.

דער פאַקט אַליין וואָס דאָס געלט איז ניט מיינס און איך בין ניט מעהר ווי אַ מין אַפּאַראַט, וואָס גיט איבער פרעמדע גוטהאַר־ציגקייט, איז שוין געווען גענוג, אַז איך זאָל צו דער גאַנצער אַרבייט ניט פיהלען קיין גאָר גרויסע ליעבע. און דערצו איז נאָך צוגע־קומען דער שלעכטער איינדרוק וואָס דאָס בעטען הילף האָט אויף מיר געמאַכט.

די בקשות, מיט וועלכע מען האָט זיך צו מיר געווענדעט, און די צרות, וואָס מען האָט מיר דערצעהלט, זיינען געווען פאַרשי־דענע, און גאַנץ אָפט האָבען זיי גאָרניט געהאַט קיין שייכות מיט דער אויפגאַבע, וואָס איך האָב אויף זיך גענומען — שפּייזען די

הונגעריגע ביז מען וועט אראפנעמען די תבואה פון די פעלדער. אבער ניט קוקענדיג דארויף האב איך זיי אלעמען געדארפט אויפ־נעמען, אלעמען אויסהערען, און דערנאך — אפזאגען!

און ווי שווער עס איז אפצוזאגען!

זאגסט אפ איינעם, א צווייטען... איז ער ניט צופריעדען פון דיר און דו ביזט ניט צופריעדען פון זיך און אויך פון דעם, וואס ער איז ניט צופריעדען.

און אנדערש קען דאס ניט זיין.

צווישען די בקשות, מיט וועלכע מען האט זיך צו מיר גע־ווענדעט, זיינען געווען אזעלכע, וואס מען האט זיי בשום אופן ניט געקענט נאכגיבען, און זיי האבען מיר מעהר ווי אלע אנדערע בקשות פארשאפט גרויסע יסורים און זיך אזוי איינגעקריצט אין זכרון, אז איך קען זיי נאך עד היום ניט פארגעסען.

אט נעמט אזא ביישפיעל:

עס קומט צו מיר א ניקיפאראווער פויער, א הויכער מאן מיט א גרויער בארד. איך ווייס, אז ער איז פון די פארמעגליכע בעלי־בתים און אז זיין זוהן ארבייט ביים פריץ און פארדיענט ניט שלעכט.

— איך בין געקומען צו אייך בעטען א טובה, — זאגט ער מיר.

— וואס פאר א טובה? — פרעג איך איהם.

— פארשטעהט איהר מיך, — גיט ער זיך א גלעט איבער דער בארד, — איך האב געהערט, אז איהר גיט געלט צו קויפען פערד. איך אליין, פארשטעהט איהר מיך, האב צוויי פערד. איינער האט די ווערט גוטע הונדערט רובעל. דער אנדערער אבער איז שוין ניט פון די גאר גוטע, און איך האב דאריבער זעהר שטארק חשק איהם אויסצובייטען אויף א בעסערען פערד. נו, דארף מען צוצאהלען א ביסעל געלט, און דאס, זעהט איהר, האב איך ניט. נו, בין איך געקומען צו אייך בעטען, אז איהר זאלט מיר גיבען געלט...

— אבער וואס רעדט איהר, איוואן מיראנאוויטש! דאס געלט איז געזאמעלט געווארען פאר די הונגעריגע און פאר די וואס האבען אינגאנצען ניט קיין פערד. און איהר זאגט דאך אליין, אז איהר האט צוויי פערד.

— ווערא ניקאלאיעוונא! מאמעלע! — וויל ער ניט הערען

וואָס איך רעד צו איהם. — טוט מיר אַ טובה. איך מוז דעם פערד אויסבייטען אויף אַ בעסערען און דאַרף צוצאָהלען דרייסיג רובעל. טוט אַ טובה און גיט מיר דאָס געלט!

— איך וואָלט אייך גערן געגעבען, אָבער איך קען ניט.

— אָבער טוט אַ טובה... — רעדט ער זיך ווייטער זיינס. — וואָס הייסט איהר קענט ניט? ! איהר קענט אַלץ... נעמט איין אַכט אין וואָס פאַר אַ לאַגע איך געפין זיך איצט. ווייל איך וועל לעבען, וועל איך פאַר אייך גאָט בעטען!

— אָבער איך פאַרזיכער אייך, אַז דאָס איז אונמעגליך. דאָס געלט איז באַשטימט פאַר די, וואָס האָבען אינגאַנצען ניט קיין פערד. איך האָב קיין רעכט ניט אָראָפּצונעמען דערפון אפילו אַ גראָשען און אייך געבען, ווייל איהר האָט דאָך צוויי פערד. עס איז אַן עבירה די צייט וואָס איהר גיט אַוועק רײדענדיג מיט מיר וועגען דעם.

אָבער — רעד צו איהם און רעד צו דער וואַנט! ער טרעט ניט אָפּ און חזר'ט ווידער איבער דאָס זעלבע, וואָס ער האָט שוין ניט איין מאָל געזאָגט, און איך באַווייז איהם הונדערט און איין מאָל מיט די זעלבע ווערטער, אַז איך קען איהם קיין געלט ניט געבען.

ענדליך בייט ער דעם טאָן, ווערט בייז און שטעלט אַזאַ פראַגע:

— הייסט עס, אַז איהר וועט מיר טאַקע קיין געלט ניט געבען?

— יאָ, עס הייסט, אַז איך וועל אייך טאַקע קיין געלט ניט געבען. איך קען ניט.

— וועט איהר מיך האָבען צו געדענקען!... — סטראַשעט ער מיך און געהט אַוועק אַ בייזער, געבענדיג אַ שטאַרקען קלאַפּ מיט דער טיר.

מיט עטליכע טעג שפּעטער טרעפט ער מיך אין אַ הויז, וואו איך שטעה און רעד מיט זיין זוהן, און ער הויבט ווידער אָן צוצושטעהן צו מיר, איך זאָל איהם געבען דרייסיג רובעל... ער מוז אויסבייטען דעם פערד און מוז צוצאָהלען דרייסיג רובעל...

— איך האָב דאָך אייך שוין ניט איין מאָל געזאָגט, אַז איך קען אייך פון דעם געלט אפילו אַ גראָשען ניט געבען. — ענטפער איך איהם.

— נו, באָרגט זשע מיר דרייסיג רובעל.

— דאס קען איך אויך ניט.
— טא, גיט זשע מיר כאטש א צעהנעריל.
— איך קען ניט...
— נו, זאל זיין א דרייעריל. — שרייט אויס דער אלטער, און גיט מיר א פאל צו די פיס...

דאס האט אויף מיר א שרעקליכען איינדרוק געמאכט.

— וואס טוט זיך מיט אייך, איוואן מיראנאוויטש! — בין איך געווארען שטארק צוטומעלט. — ניט שעהן אזוי... זעהר ניט שעהן!

אבער ער הערט גאר ניט וואס איך רעד צו איהם; ער קריכט אויף די קני און הערט ניט אויף צו בעטען:

— ווערא ניקאלאיעווונא! מאמעלע! טוט א טובה! איך מוז בייטען דעם פערד... איך וועל שטענדיג גאט בעטען פאר אייך!...

דער זוהן, קענטיג א מענש מיט זעלבסט רעספעקט, כאפט אן דעם אלטען טאטען פאר'ן קאלנער און רייסענדיג איהם פון דער ערד, ער זאל זיך אויפהויבען, ברומט ער מיט כעס:

— אויב דו... אויב דו וועסט דאס... נאך אמאל טאן... וועל איך דיר...

איך קען שוין מעהר אין שטוב קיין מינוט ניט זיין, און ניט געזעגענדיג זיך מיט קיינעם, לויף איך ארויס...

---

... אין דער פריה קומט צו מיר א פויער פון א ווייטען דארף און בעט מיך, איך זאל איהם גיבען געלט; עס איז ביי זיי אין דארף געווען א שרפה און זיין שטיבעל האט אפגעברענט, וויל ער, אז איך זאל איהם גיבען געלט אויף אויסצובויען א ניי שטיבעל.

איך הער איהם אויס און ענטפער:

— איך קען אייך גאר ניט העלפען, ווייל מיר האט מען דאס געלט געגעבען צו קויפען ברויט פאר די ארימע, פאר די, וואס האבען ניט וואס צו עסען.

— נו, אויב אזוי, — מאכט ער צו מיר, — טא, גיט זשע מיר צעהן פוד קארן!

— דאס קען איך אויך ניט.
— פאר וואס?
— ווייל איהר זיינט א פרעמדער, ניט פון אונזער דארף, און איך ווייס ניט ווי ווייט איהר נויטיגט זיך. איינער מוז בא-

שטעטיגען, אז איהר נויטיגט זיך ווירקליך — דער גלח, דער לעה־רער, אָדער דער פארשטעהער פונ׳ם דאָרף, פון וואנען איהר קומט. און אפילו דאן קענט איהר קיין צעהן פוד קאָרן ניט קריגען. ביי אונז גיט מען ארויס ניט מעהר ווי א פוד, אָדער אנדערטהאלבען פוד א חודש אויף יעדען מענשען.

— עס איז דאָך אָבער אונמעגליך צו געהן נאָך א באשטעטיגונג און דערנאָך ווידער קומען אהער. ניין, גלויבט מיר בעסער אויפ׳ן וואָרט... איז ניט קיין צעהן פוד קאָרן — גיט מיר דריי פוד. ניטאָ קיין שטיקעל ברויט ביי אונז.

— אָהן א באשטעטיגונג קען איך אייך קיין קאָרן ניט גיבען.

— נו, איז ניט קיין קאָרן, גיט זשע מיר אזוי אביסעל געלט. כאָטש א צעהנעריל...

— אז איך האָב ניט קיין געלט אויף צו גיבען גלאַט אזוי!

— וואָס הייסט איהר האָט ניט? וועט דאָך אויסקומען, אז איך האָב זיך אהער געשלעפּט אומזיסט!... איז ניט קיין צעהנעריל, גיט זשע מיר כאָטש א דרייעריל.

— איך האָב ניט.

בלייבט ער שטעהן און שווייגט א ווײלע.

דערנאָך שטרעקט ער אויס די האנט.

— טאָ, שענקט זשע מיר, — בעט ער זיך, — א קליינע נדבה... צוואנציג קאָפּיקעס... אויפ׳ן וועג צוריק וועל איך האָבען פאר וואָס ברויט צו קויפען...

איך נעם ארויס פון מיין בייטעלע צוויי גריווינקעס (צוואנציג קאָפּיקעס) און גיב איהם פון מיין אייגען געלט.

---

נאָכדעם קומט אריין א יונגע פרוי, שעהן אָנגעטאָן, מיט א קינד אויף די הענט.

— פון וואנען זיינט איהר? — פרעג איך זי.

— איך, מיינט איהר? א היגע... איהר ווייסט וואו אונזער שטוב שטעהט. קאָרפּ פעדאָטאָוו׳ס שטוב... ביי אונז אין הויף רייסען מיר גרויפּען...

— דאָס איז זעהר פיין. איז וואָס זשע ווילט איהר?

— איך וויל, אז איהר זאָלט מיר גיבען הירזש פאר די קינדער. אלע געהען צו אייך, בין איך אויך געקומען.

— אָבער וואָס רעדט איהר? ! צו מיר געהען בלויז אָרימע, די וואָס האָבען ניט וואָס צו עסען... די נויט טרייבט זיי צו מיר. אָבער איהר זיינט דאָך ניט קיין נויטבאַדירפטיגע...

— נו, איז וואָס, אַז איך בין ניט קיין נויט באַדירפטיגע? אַלעמען גיט איהר, דאַרפט איהר מיר אויך גיבען!...

— איך זאָג דאָך אייך אָבער, אַז איך גיב בלויז די מענשען, וואָס האָבען ניט וואָס צו עסען. דאָס געלט אויף צו קויפען הירזש האָבען גוטע מענשען געזאַמעלט אין פּעטערבורג ספּע־ציעל פאַר די קינדער, וואָס הונגערן. אָבער אייערע קינדער הונגערן דאָך ניט, טאָ פאַר וואָס זשע זאָלט איהר זיך אַזוי דערנידעריגען און בעטלען? איך קען אייך גאָר ניט גיבען.

— אָרימע, ניט אָרימע — אַלע געהען צו אייך און אַלע קריגען, טאָ, פאַר וואָס זשע זאָל איך זיין אַן אויסנאַם? גיט מיר אויך... מיינע קינדער זיינען ניט ערגער פאַר אַנדערע, זיי ווילען אויך עסען הירזשענע קאַשע.

— צי זיי ווילען יאָ, צי זיי ווילען ניט — איך וועל אייך קיין הירזש ניט געבען. און איהר אַליין דאַרפט זיך שעהמען צו בעטען אין דער צייט ווען איהר נויטיגט זיך ניט. אייך געבען, הייסט אַרויסנעמען דעם ביסען פון מויל ביי אַנדערע. איך וועל אייך קיין הירזש ניט גיבען.

— וואָס הייסט איהר וועט מיר ניט גיבען? אַלעמען גיט איהר, דאַרפט איהר מיר אויך גיבען!

— איך זאָג דאָך אייך אָבער, אַז דאָס איז בלויז פאַר אָרימע. דאָס איז פונקט דאָס זעלבע ווי אַ נדבה, און איהר, — בין איך ווירקליך געוואָרען אין כעס, — דאַרפט זיך שעהמען צו בעטען אַ נדבה!...

ביי דער פרוי איז דאָס פּנים געוואָרען רויט ווי פייער, און אַ באַליידיגטע און אַ בייזע האָט זי זיך אויסגעדרעהט מיט דער פּלייצע צו מיר און איז אַוועק.

איך בין געבליבען זיצען אַליין, און אויפ׳ן הארצען איז מיר געוועזן אַזוי שווער, אַזוי שווער.

---

... און אָט איז אַ יונגער בחור פון אַ יאָהר פינף און צוואַנ־ציג, מיט געקרויזטע האָר אויפ׳ן קאָפּ, קענטיג ניט קיין פאַר־

שלאפענער חברה מאן. פונ'ם ערשטען קוק אויף איהם קען מען גלייך זעהן, אז ער איז א יונג א כוואט; קיין ווערטער אין קע־שענע דארף ער ניט זוכען. זיך אויס'טענה'ן מיט איהם איז זעהר שווער און איבערשפארען איהם איז אונמעגליך. ער איז א ביטערער עקשן, לאזט ניט ריידען א ווארט, קיין חוצפה פעהלט איהם ניט. ער וויל, איך זאל איהם גיבען געלט אויף צו קויפען א פערד.

די בעל הבית'ישקייט זיינע האט ער שוין לאנג פארנאכלעסיגט; ניט ער אקערט, ניט ער זייעט. האט ניט קיין כאמוט, קיין ווענעלע און ניט קיין געלט. לעבט דערפון וואס ער איז א שניידער — א לאטוטניק אין דארף, און דאס איינציגע, וואס ער פארמאגט איז — א ניי־מאשין.

אויסגעהערט די גאנצע געשיכטע, וואס ער האט מיר דערצעהלט, איז פאר מיר געווען קלאר, אז גיבען איהם געלט אויף א פערד, איז פונקט דאס זעלבע ווי נעמען דאס געלט און עס ארויסווארפען אויפ'ן ווינט. אויפ'ן פעלד וועט ער ניט ארבייטען, ווייל ער האט גאר קיין חשק ניט דערצו, און חוץ דעם פעהלען איהם די אלע אנדערע נויטיגע זאכען, וואס מען דארף האבען צו ערד־ארבייט. עס איז גאר קיין צווייפעל ניט, אז ער וועט אפהאלטען דאס פערד א פאר וואכען און דערנאך וועט ער עס פארקויפען.

ווי ווייט איך האב נאר געקענט, האב איך איהם באוויזען, אז איך קען איהם קיין געלט ניט גיבען, ווייל די בעל הבית'ישקייט זיינע איז שוין צופיעל פארנאכלעסיגט און אפגעלאזען און דאס פערד, וואס ער וועט קויפען, וועט איהם זעהר ווייניג קענען העלפען, ווייל עס פעהלען איהם די אלע אנדערע נויטיגע זאכען, וואס מען דארף האבען צו ערד־ארבייט. אבער ער האט זיך צו מיינע רייד ניט צוגעהערט און זיך אלץ געהאלטען ביי זיינס:

— גיט מיר געלט!

און ווען איך האב איהם קלאר און דייטליך געגעבען צו פארשטעהן ווען איך האב יא א רעכט צו גיבען געלט אויף א פערד און ווען ניט, איז ער געווארען אין כעס און איז ארויס מיט אזא טענה:

— וואו זשע איז דא דער יושר? ווער עס האט ג א ר נ י ט, דעם גיט איהר ניט, און דער וואס האט יא עפעס, דעם

גיט איהר. און עס קומט אויס אזוי, אז אנשטאט צו העלפען די ארימע, העלפט איהר גאר די רייכע!...

און אין זיין טענה איז טאקע געווען א סך אמת. ווייל לויט דעם באשלוס וואס מיר האבען אנגענומען, איז טאקע אויסגעקו־מען אזוי: א פויער, ביי וועמען די בעל הבית'ישקייט איז ניט געווען אפגעלאזען, א פויער, וואס האט נאך געהאט א וועגעלע, א כאמוט, א סאכע און די אלע אנדערע זאכען וואס מען דארף הא־בען צו באארבייטען די ערד, האט געקראגען אביסעל געלט אויף צו קויפען א פערד, און א פויער, וואס האט גאר ניט געהאט, האט קיין געלט אויף א פערד ניט געקראגען.

מיינע טענות, וואס זיינען געווען באגרינדעט אויף א פאלי־טיש־עקאנאמישען שטאנדפונקט, האבען דעם בחור ניט צופרידענ־געשטעלט. און — למאי זאל איך לייקענען? — ביי זיך אין הארר־צען האב איך געוואוסט, אז ער איז גערעכט. ווארים ווירקליך, וואס טויג איהם די פאליטישע עקאנאמיע, אז ער דארף האבען א פערד?... ער לעבט און וויל לעבען... ער טרינקט זיך און וויל זיך ראטעווען...

אבער קיין געלט קען איך דאך איהם אבער פארט ניט גיבען!

שטעהט ער און רעדט און רעדט, ביז ער ווערט אין כעס און געהט אוועק א ברוגז'ער אויף דער גאנצער וועלט און נאך מעהר ברוגז אויף מיר.

איך בין מיעד. עס זשומעט מיר אין קאפ און איך וואלט אזוי געוואלט זיצען אביסעל איינע אליין און זיך אפרוהען. אבער באלד עפענט זיך די טהיר און עס קומט אריין אן אלטיטשקע מיט א גרויסען שטעקען. זי קרעכצט און זיפצט און דערצעהלט מיר א מעשה, אז זי געדענקט נאך מיין מאמען. „זעהר אן עדעלע נשמה איז זי געווען אייער מאמע". — זאגט זי מיר און ווישט זיך די טרערען פון די אויגען מיט'ן עק פון דעם גרויסען שאל, וואס זי טראגט אויפ'ן קאפ... און אזוי רעדט זי אלץ וועגען זייטיגע זאכען, ביז זי זאגט ענדליך דאס וואס זי וויל — איך זאל איהר גיבען געלט אויף אויסצובויען פאר זיך א קליין שטיבעלע... זי מוז דאס האבען. אין דער פאמיליע, וואו זי האט געוואוינט ביז איצט, איז זי געווארען איבעריג. כל זמן זי האט נאך געהאט אביסעל געלט צו גיבען, האט מען זי געהאלטען; דערנאך, ווען זי האט שוין מעהר קיין געלט ניט געהאט, האט מען זי בלויז געדולדעט. און

איצט טרייבט מען זי פון דער שטוב... „איך וואָלט געוואָלט שטאַר־בען, — זאָגט זי, — אָבער גאָט נעמט מיך נאָך ניט צו זיך“... אַ קליין שטיבעלע פאַר זיך! — דאָס איז איהר טרוים. אין דעם קליי־נעם שטיבעלע, פון וואַנען קיינער וועט זי ניט קענען ארויסטריי־בען, וועט זי זיך שוין אַזוי מוטשען איינע אַליין ביז דער טויט וועט קומען און מאַכען אַ סוף צו איהר אומגליקליך לעבען...

מיר רייסט דאָס האַרץ קוקענדיג אויף איהר, אָבער איך קען זיך גאַר ניט העלפען. קיין געלט אויף אויסצובויען אַ שטיבעלע קען איך איהר ניט גיבען... הויב איך זיך אָן דרעהען אהער און אַהין, זאָג איהר אַ פּאָר גוטע, וואַרימע ווערטער, און ענדיגען ענ־דיגט זיך עס דערמיט, וואָס זי זאָגט, אַז גאָט וועט מיר שוין מוזען מוחל זיין די גרויסע עבירה, און זי געהט אַוועק אַן אומעטיגע.

נאָך איידער איך אוספּייע אַריינצוגעהן צו זיך אין שלאָף־צימער, זיך צולעגען אביסעל, דערהער איך שוין ווי אימיצער פּאַר־קעט זיך דאָרט ביים פענסטער, פריהער שטיל, דערנאָך ראַשיג. עס געהען אַוועק אַ פּאָר מינוט, דערהער איך ווי דער בוים ביים פענסטער טרעשטשעט און עס ווייזט זיך אַ פּנים פון אַ מענשען. איך פרעג ווער דאָס איז, און ווען עס ווייזט זיך אַרוים, אַז דאָס געהען נאָך מענשען צו מיר בעטען טובות, פּאַרקרים איך זיך זויער און געה זיי אנטקעגען.

עס קומען אַריין אַ גאַנצע באַפּטע פרויען און יעדע איינע פון זיי האָט צו מיר אַן אַנדער בקשה; איינע וויל געלט אויף אַ שטיבעלע, אַ צווייטע — אויף אַ דאַך, און אַ דריטע — אויף אַן אויווען... מען בעט געלט אויף אַ בהמה, ווייל אָהן מילך קענען די קינדער ניט אויסקומען... מען בעט געלט אויף אַ קעלבעל, וואָס וועט מיט דער צייט אויסוואַקסען און ווערען אַ קוה. מען בעט געלט אויף אַ שעפּעלע, ווייל דאָס לעצטע שעפּעלע האָט מען נאָך לאַנג צוריק פּאַרקויפט, און דאָ וועט באַלד קומען דער ווינטער און די קינדער וועלען בלייבען אָהן וואַלינקעס; עס איז נישטאָ קיין ביסעל וואָל אין שטוב... אַלע דאַרפען, אַלע נויטיגען זיך — און אַלץ אין אַזעלכע זאַכען, אָהן וועלכע מען קען זיך ניט באַגעהן...

אָבער איך מוז זיי אַלעמען גיבען דעם זעלבען ענטפער: דאָס געלט האָט מען געזאַמעלט אויף ברויט פאַר די הונגעריגע, ניט אויף קיין בהמות, ניט אויף קיין קעלבלאַך און ניט אויף קיין שעפּעלאַך. די פרויען זיינען פון מיין ענטפער ניט צופריעדען; זיי לעגט

זיך דאָס ניט אויפ'ן שכל: פאַרוואָס אויף ברויט יאָ און אויף בהמות, קעלבלאַך און שעפּעלאַך ניט?... זיי האָבען אַזוי פיעל האַ־פּענונגען אַרויפגעלעגט אויף מיר, און צום סוף דאַרפען זיי אַוועק־געהן מיט ליידיגע הענט... זיי געהן אַוועק ענטוישטע און זיינען ברוגז אויף מיר...

פאַרנאַכט שווימט אַן אַ נייע כוואַליע. עס קומט דער „סטאַ־ראַסטאַ" פון'ם דאָרף, אַ באַוואָקסענער פויער פון אַ יאָהר 45. לעזען און שרייבען קען ער ניט, די נויטיגע ווערטער פּעהלען איהם; קוים מיט צרות ערקלערט ער מיר, אַז אין קאַסע פון'ם דאָרף איז עפּעס אַ טעות, עס פּעהלט געלט — זאָל איך איהם גיבען פינף און צוואַנציג רובעל און איהם ראַטעווען, ווייל עס קען נאָך קומען דער פּריסטאַוו און דאַן וועלען איהם שוין קיין צרות ניט פּעהלען.

וויפיעל איך טענה ניט מיט איהם — עס קלעפּט זיך ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט. ער האַלט זיך ביי זיינס — איך מוז איהם גיבען פינף און צוואַנציג רובעל!

גיב איך איהם צו פאַרשטעהן, אַז דאָס געלט, וואָס געפינט זיך אין מיין רשות, איז געזאַמעלט געוואָרען צו קויפען ברויט פאַר די וואָס האָבען ניט וואָס צו עסען, פאַר די וואָס קענען נאָך, חלילה, שטאַרבען פאַר הונגער. אָבער ער הערט גאָר ניט, וואָס איך רעד צו איהם...

פאַרטיג געוואָרען מיט'ן „סטאַראַסטאַ," האָב איך געדאַרפט אויפנעמען אַ טאַטאַר, אַן אַלטען, צוקנייטשטען טאַטאַר, מיט אַ בלאַס פנים אָהן אַ באָרד.

רוסיש רעדט ער זעהר שלעכט און פאַרשטעהט די שפּראַך נאָך ערגער ווי ער רעדט זי. ער וויל, איך זאָל איהם גיבען אַ ביסעל קאָרן, אָדער מעהל; אין דער היים, זאָגט ער, איז נישטאָ קיין ביסעל זריעה; איז ער געקומען אַהער צו מיר פון אַ נאָהענטען דאָרף, צוויי ווייאָרסט צופוס געגאַנגען.

ענטפער איך איהם, אַז היינט, אָדער מאָרגען, וועל איך שיקען אַ מענשען אויסגעפינען אין וואָס פאַר אַ לאַגע ער געפינט זיך, און דאַן וועל איך איהם גיבען קאָרן, אָדער מעהל. ער איז אָבער פון דעם ענטפער ניט צופריעדען. ער וויל, איך זאָל איהם באַלד גיבען מעהל; וואַרטען קען ער ניט, און זיך אומקערען אַהיים מיט לייַ־דיגע הענט קען ער אודאי ניט.

ווי ווייט איך קען נאָר, גיב איך איהם צו פאַרשטעהן, אַז

היינט קען ער קיין מעהל ניט קריגען. אָבער ער איז איינגעַ'עקשנ'ט, און ווען ער זעהט, אַז איך גיב איהם גאַרניט, זאָגט ער מיר, אַז ער וועט ניט אָפּטרעטען ביז ער וועט ניט קריגען קיין מעהל. און טאַקע באַלד זעצט ער זיך אַוועק אויף די טרעפּ פונ'ם באַלקאָן, וואו דער געשפּרעך קומט פאָר... דער לעצטער אַרגומענט, הייסט עס!
איך גיב אַ קוק — ער ציהט זיך אויס און מאַכט זיך גרייט צו נעכטיגען אויפ'ן באַלקאָן... נעם איך און לויף אַוועק צו זיך אין צימער.

איך פיהל אין וואָס פאַר אַ מאָדנער אונאָנגענעמער לאַגע איך געפין זיך, איך וויים, אַז איך האַנדעל זעהר ניט גוט...

נו, ווירקליך. אָט, למשל, אָט דער אַלטיטשקער, וואָס ליגט דאָרטען אויסגעצויגען אויפ'ן באַלקאָן... עס איז דאָך גאָר קיין צווייפעל ניט, אַז ער נויטיגט זיך; אויף זיין בלאַסען, צוקנייטש־טען און אויסגעמוטשעטען פּנים קען מען גלייך דערקענען, אַז ער איז ניט פון די וואָס שטעהען צו מיט חוצפּה. וואו זשע איז מיין מיטלייד?...

איך האַלט זיך אָבער דאָך אָן מיין עקשנות, ווייל מען האָט מיך שוין אַ סך מאָל אָפּגענאַרט, און איך האָב דאַריבער אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז איך זאָל קיינעם ניט גלויבען אויפ'ן וואָרט און אונטער־זוכען די נויט פון די, וואָס ווענדען זיך צו מיר נאָך הילף.

אָפּגעמאַכט איז אָפּגעמאַכט...

און אָט דער אַלטער, וואָס ליגט אויסגעצויגען דאָרטען, אויפ'ן באַלקאָן... זאָל ער ליגען!... איך וועל איהם גאַרניט גיבען ביז איך וועל ניט אויסגעפינען, אַז ער נויטיגט זיך טאַקע ווירקליך... איך וויל ניט, אַז זיי, די פּויערים אין די דערפער, זאָלען ווידער זאָגען דיזעלבע חכמה: „טאַקע אַ געבילדעטע, אָבער דאָך אַ שוטה און מען קען זי אָפּנאַרען."

.... אָבער.

אָבער אפשר האָט ער קינדער און זיי האָבען ניט וואָס צו עסען!

אַזאַ געדאַנק פאַלט מיר איין מיט אַמאָל; רוף איך אַריין די דיענסטמיידעל מאַשאַ און הייס איהר ברענגען פון קיך אַ געבאַ־קענע ברויט.

איך נעם דאָס ברויט און טראָג עס אַרויס אויפ'ן באַלקאָן.
„נאָט אייך ברויט און געהט אַהיים. היינט וועל איך צו

איך צושיקען א מענשען, וועט ער אלעס אויסגעפינען און מארגען וועט איהר קענען קומען צו מיר נאך מעהל.״

דער מאטאר דערזעהט דאס ברויט, גיט ער עס א כאפ מיט א גדולה און לעגט עס אריין אין זאק, און אן איינגעבויגענער, אן איינגעקארטשעטער, א נעבעכדיגער און אן אונבאהאלפענער, געהט ער אוועק.

און איך שעהם זיך פאר זיך אליין. נאך ער היום שעהם איך זיך דערמיט וואס איך האב ניט געקענט דערקענען, אז דער מענש איז ניט קיין בעטלער, נאר ער נויטיגט זיך טאקע אין דער אמת'ן.

און ער האט זיך ווירקליך גענויטיגט. שטארק גענויטיגט. דער מענש, וועמען איך האב געשיקט אויסגעפינען דעם אמת, האט זיך איבערצייגט אין דעם...

---

די גאנצע ארבייט פון טיילען צדקה מיט יענעמס געלט איז געווען ניט פאר מיר. ווען מען טיילט אייגענע געלט, קען מען גיבען וויפיעל מען וויל, ווען מען וויל און וועמען מען וויל. דאן איז אין דעם פאראן מיטלייד, רחמנות און ליעבע. אבער נעמען פרעמדע, קהל'שע געלט, וואס מען דארף אפגעבען א חשבון, זיך רעכענען מיט די מיינונגען פון די וואס האבען דאס געלט געגעבען... ארויסהענגען א שילד: „דא גיט מען״... „קומט בעטען, וועט מען אייך גיבען געלט״ — דאס איז א פליכט אהן א גייסטיגען תוך; מען נעמט זיך אליין און די צרות פון אנדערע און מען שטעלט זיי אוועק אין די ראהמען פון א כלל, וואס מען ארבייט אויס, און אלעס נעמט אן דעם כאראקטער פון א קאלטער אפיציאליטעט, אין וועלכער מען שפאנט זיך אליין איין, פונקט ווי אין א שווערען וואגען... עס הויבט זיך אן א געשיכטע מיט אונטערזוכונגען, באַ־שטעטיגונגען — פונקט ווי א מין געהיים־פאליציי... ניין! איך קען דאס ניט אריבערטראגען; איך קען ניט זיין דאס וואס איך בין ניט; עס איז פאר מיר אונמעגליך צו זיין א גבאי'טע און טיילען פרעמדע געלט...

„נאטאשא! נעם צו ביי מיר דאס געלט. נעם עס צו ביי מיר,״ — האב איך געבעטען מיין קוזינע, וועלכע איז געקומען צו מיר פון קאזאן. — „איך קען זיך מעהר דערמיט ניט אפגיבען. איך קען ניט. עס איז מיר ניט אנגענעם. עס איז מיר שווער״...

— אבער אלע מאל איז דאס אזוי! — האט זי מיר גענענט־

פערט. — ווען עס איז ניט אַנגענעם, ווען ס'איז שווער, נעמט מען און מען וואַרפט עס אַרויף יענעם אויפ'ן קאָפּ! און מיר, מיינסטו, איז דאָס יאָ אַנגענעם? מיר, מיינסטו, איז דאָס ניט שווער?

דער ענטפער טרעפט אין ציעל. וואָרים אין דער אמת'ן טאָקע, וואָס פאַר א רעכט האָב איך צו נעמען אַן ארבייט, וואָס איז פאַרבונדען מיט אַזוי פיעל אונאַנגענעמליכקייטען, און זי אַרויפוואַרפען אויף איהרע פּלייצעס?

„ביזט גערעכט, נאַטאַשאַ", — זאָג איך איהר. — „איך וועל פּרוּאווען ציהען ווייטער"...

און איך ציה... איך ציה ווייטער...

---

... עס איז אָנגעקומען דער 9טער מאַי, דער ניקאָלע־טאָג, וואָס ווערט אַלע מאָל געפייערט אַלס א יום טוב ביי אונז אין דאָרף. עס איז א פרייד, א שמחה אין ניקיפאָראָוואָ; מען הערט דאָס שפּיעלען פון א האַרמאַניקע, עס טראָגט זיך א געזאַנג; דאָס גאַנצע דאָרף איז אין גאַס; ביי די טויערען שטופּט מען זיך, עס שטעהען רעדלאַך, עס געהען פּאַרלאַך, מען זיצט אויף די פּריזבעס; אויסגעפּוצטע פּויערטעס קנאַקען קערלאַך און קינדער פּלאָנטערן זיך אונטער די פיס.

אין אָווענט ווערט די פרייד נאָך גרעסער; אַלע זיינען שכור; פּויערים רייסען זיך די העלזער און זינגען שכור'ע לידער; פון אורמעטום טראָגען זיך שכור'ע קולות...

אין דעם פּריצ'ישען הויף, אויפ'ן אַלטען מאַיאָנטעק, וואו מיינע שוועסטער וואוינען זומער, איז פּוסט און שטיל; די ארבייטער זיינען אַוועק צו זייערע ווייבער אין שכנ'ישען דערפעל; דער אַלטער וועכטער איז טויט־שכור און האַלט זיך קוים אויף די פיס; דער עלטסטער פון די ארבייטער איז נישטאָ, ער שכור'ט ערגעץ מיט זיינע פריינד.

אויף דעם נייעם מאַיאָנטעק, מיין ברודערס, וואו איך וואוין, איז אַזוי שטיל, אז מען קען הערען דעם מינדסטען שאָרך. אויסער מיר געפינען זיך אין הויז נאָך צוויי — א דיענסט און א קעכין; די ארבייטער זיינען זיך צוגאַנגען און דער אויפפּאַסער אויפ'ן מאַיאָנטעק שכור'ט ערגעץ.

עס איז שוין נאָך עלף אַזייגער ביינאַכט און איך זיץ נאָך אַליין און לעז א בוך. מיט אַמאָל דערהער איך פון דער ווייטענס

א קלונג פון א גלאָק... איין מאָל... צוויי מאָל... דריי מאָל... וואָס אמאָל הויבט דער גלאָק אָן קלינגען שטאַרקער און שטאַרקער... לויף איך צו צום פענסטער, גיב א קוק און דערזעה ווי אין מזרח זייט, ניט ווייט פון דעם הויז, וואו איך וואוין, איז שוין דער גאַנצער הי־מעל רויט און פייערדיגע צונגען שפּרייטען זיך אַלץ ווייטער און ווייטער.

א שרעק פאַלט אויף מיר און באַלד לויפט מיר איבער א גע־דאַנק: „גאָט מיינער! וואָס פאַר אַן אומגליק! מענשען שטאַרבען פאַר הונגער, האָבען ניט מיט וואָס א טאָג איבערצוקומען, און איצט האָבען זיי זיך אָנגע׳שכור׳ט און אונטערגעצונדען דאָס דאָרף!...

איך הויב אָן וועקען די דיענסט.

— מאַשאַ, — שריי איך, — שטעה אויף! עס איז א פייער. דאָס דאָרף ברענט!

אָבער עס איז אומזיסט מיין שרייען. די דיענסט שלאָפט אזוי שטאַרק, אז עס איז אונמעגליך זי אויפצוואוועקען...

... קוים מיט צרות האָב איך זי אויפגעוועקט און אָט זיינען מיר שוין ביידע אין דרויסען. איך שטעה און ערגער זיך; עס פאַרדריסט מיך פאַר וואָס די דיענסט און די קעכין זיינען אזוי רוהיג... די סכנה איז דאָך שוין אזוי נאָהענט. פאַר וואָס זשע טראָגען זיי ניט ארוים אַלעם פון שטוב? פאַר וואָס פיהרען זיי ניט ארוים די פערד און די בהמות פון די שטאַלען?...

איך ווער אזוי צומישט, אז איך וויים ניט וואָס פריהער צו טאָן; עס שווינדעלט מיר אין די אויגען און עס דוכט זיך מיר אַלץ, אז עס ברענען שוין די אַלע שטיבלאַך, וואָס שטעהען אַנטקעגען. פון ערגעץ דערטראָגט זיך א הילך פון קולות און דער רויך זעצט פון אַלע זייטען.

— דאָס גאַנצע דאָרף ברענט! — שריי איך מיט באַנומענע קולות.

— ניין, ניט דאָס גאַנצע דאָרף, — ענטפערט מיר א פּויערטע. — דאָס ברענט גאָר אייער אַלטער מאַיאָנטעק!...

— אזוי גאָר! — טראַכט איך מיר, — דאָס ברענט אונזער אַלטער הויף! זאָל זיין אזוי, אבי ניט דאָס דאָרף!...

און דער גלאָק קלינגט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער און צורודערט אַלעם ארום און ארום... דער רויך ווערט אַלץ געדיכטער

און די פלאַמען הויבען זיך אַלץ העכער און העכער. פון צווישען די ווערבעס זעהט מען ווי דער רויך זעצט פון אַלע זייטען.

זיי, די הויכע ווערבעס, וואָס שטעהען אַרום אונזער אַלטען מאַיאַנטעק, וועלען ניט צולאָזען דאָס פייער צו די פויערשטע שטיב־לאַך...

און דער אַלטער מאַיאַנטעק אונזערער ברענט... דאָס פייער האָט שוין דערגרייכט די שטאַלען און דאַרטען ווערען לעבעדיגער־הייט פאַרברענט די פערד, די קיה און די שעפעלאַך... דער וועכ־טער פּראָוווט עפענען די טויערען פון די שטאַלען, אָבער ער קען ניט, ווייל ער איז טויט־שכור און ווייסט ניט וואָס ס'טוט זיך מיט איהם... אָט זעה איך ווי עס ברענט דער גאַניק, דער שייער — עס געהט אַוועק מיט'ן רויך דאָס גאַנצע הויז, דאָס הויז, וואו מיין זיידע האָט נאָך געוואוינט...

... אָבער צו די שטיבלאַך פון די אָרימע פויערים וועט דאָס פייער ניט גרייכען, און דאָס איז גוט...

אָבער דאָך רייסט מיר אַזוי דאָס האַרץ ווען איך זעה ווי דאָס וויגעלע פון אונזער פאַמיליע געהט אַוועק מיט'ן רויך... דאַרטען, אין יענעם הויז, וואו דאָס פייער ברענט און לאָזט גאָר ניט איבער — דאַרטען זיינען מיר געבאָרען געוואָרען... דאַרטען זיינען מיר אויסגעוואַקסען... פון דאַרטען זיינען מיר אַוועק איבער דער גרוי־סער וועלט און יעדער איינער פון אונז האָט פאַר זיך אַן אַנדער וועג אין לעבען אויסגעקליבען... אָבער וואו מיר זיינען ניט געווען, האָבען מיר אַלץ געדענקט אונזער היים... האָבען מיר אַלץ געבענקט אַהין...

אפילו אין דער שליסעלבורגער פעסטונג האָב איך געדענקט דאָס ווינקעלע, וואו מיינע קינדער־יאָהרען זיינען אַוועק. פאַר מיר איז דאָס געווען דאָס איינציגע ווינקעלע אויף דער וועלט, וואָס בייט זיך ניט!*)

... און איצט פרעסט דאָס פייער אויף אַלעם און מאַכט חרוב אַלעס. ניטאָ מעהר דאָס חדר'ל פון דער אַלטער, גוטער ניאַניאַ נאַטאַליאַ מאַקאַראָווגאַ, וועמען איך קען נאָך ביז היינטיגען טאָג ניט פאַרגעסען; מיר האָבען זי אַלע אַזוי ליעב געהאַט און געהאַט אַזוי

*) אין מיינע געזאַמעלטע ליעדער האָב איך וועגען מיין היים אַ באַזונדער ליעד.

פיעל פארגעניגען ווען מיר האבען איהר צוקנייטשטען פנים גע־
קושט... ניטא מעהר דעם טאטענס „קאבינעט“, מיט דעם ביכער־
שראנק, פון וואנען מיר פלעגען אלע מאל ארויסנעמען גריגארא־
וויטש'עס „אנטאן גארעמיקא“ און דיקענס'עס „דאוויד קאפער־
פיעלד“, וואס מיר פלעגען לייענען און גיסען מיט טרערען... ניטא
מעהר די „זאל“ מיט דעם הענגענדען לאמפ, מיט דעם קיילעכדיגען
טיש, וואו די מאמע פלעגט זיך אין די ווינטערדיגע אווענטען
אוועקזעצען און לייענען פאר אונז מיט איהר זיסער, אנגענעמער
שטימע וועגען נעקראסאוו'ס ראמאן מיט דער פאנעווא... ניטא
מעהר דער גאניק, וואו מיר פלעגען זומער זיצען אלע אינאיינעם
אויף די טרעפ, ארויסקוקען אויף די ערשטע שטערן אין הימעל און
זיך ארומרייסען צווישען זיך ווער עס זאל זיצען לעבען דער מא־
מען...

אלעס איז אוועק מיט'ן רויך. געבליבען זיינען בלויז טליענדע
האלעוועשקעס און מעהר גאר ניט!...

עס איז געווען קלאר, אז דאס האט מען אונטערגעצונדען.
אלע האבען אפען גערעדט וועגען דעם. דער אונטערצינדער אליין
האט דאס איינמאל צוגעגעבען ווען ער איז געווען שכור.

אונטערגעצונדען אונזער אלטע הויז האט מען אויס נקמה.
מען האט זיך געוואלט נוקם זיין אין מיר!...

און אט ווי אזוי עס איז געקומען דערצו:

אין דארף איז געווען אן אלטער פויער, וואס האט געהאט א
נאמען פון א גרויסען שכור. ער איז געווען זעהר א פוילער; אכט
יאהר נאכאנאנד האט ער אינגאנצען פארנאכלעסיגט די ערד, וואס
ער האט געהאט; ניט געאקערט, ניט געזייט, און כדי ניט צו שטאר־
בען פאר הונגער, איז ער געווארען א פאסטוך. ווען ער האט דער־
הערט, אז איך טייל געלט, איז ער אויך געקומען בעטען, און איך
האב איהם, פארשטעהט זיך, ניט געגעבען, ווייל ער האט געבע־
טען אויף א פערד. און דערפאר האט ער, א פנים, באשלאסען צו
נעמען נקמה און אונטערגעצונדען אונזער אלטע הויז, ניט רעכע־
נענדיג זיך דערמיט וואס ער שטעלט אין קאן די היימען פון אלע
פויערים אין דארף.

... און דאס מערקווירדיגסטע דערביי איז, וואס ווען מיין ברו־
דער האט אויף דעם זעלבען פלאץ אויסגעבויט א נייעם מאיאנטעק,

וואו מיינע שוועסטער זאָלען וואוינען איבער'ן זומער, האָט מען אָלם וועכטער אַנגעשטעלט דעם זעלבען אונטערצינדער...

אזא זאַך איז מעגליך טאַקע נאָר אין רוסלאַנד...

מיר האָבען געפרעגט דעם אויפפאַסער וואָס דער שכל איז דערביי, האָט זיך אויף זיין פעטען פנים א שמייכעל באַוויזען און ער האָט געענטפערט:

— דאָס האָב איך אומיסטען אזוי געטאָן, ווייל דאָס איז א סגולה געגען א פייער...

אָפזאָגען איהם האָט מען ניט געקענט, ווייל מיר האָבען גוט געוואוסט, אַז דאַן וועט ער אודאי אונטערצינדען נאָך אַמאָל...

שלעפּען איהם אין געריכט? צו וואָס? אַז א מענש האָט אַזאַ פארשטאָפּטען קאָפּ און פארשטעהט ניט פון דאַנען אהין!... און חוץ דעם בין איך מעהר ווי זיכער, אַז אין דאָרף וואָלט זיך ניט גע־פונען קיין איינער, וואָס זאָל אויפטרעטען אַלס עדות געגען איהם... אַלע האָבען געוואוסט און אַלע האָבען געשוויגען.

---

נאָכ'ן פייער, וואָס איז פאַר מיר געווען ווירקליך א גרויסער פאמיליען־אומגליק, זיינען געקומען עטליכע פּויערים, די „אויפגע־קלערטע", ווי זיי האָבען זיך אליין גערופען, און זיי האָבען מיר אויסגעדריקט זייער „קאָלעקטיווען" מיטגעפיהל. מען מוז צוגעבען, אַז ביי אונז אין דאָרף זיינען געווען זעהר וועניג אויפגעקלערטע פּויערים. מען האָט זיי אויף די פינגער געקענט איבערצעהלען. איך האָב זיך מיט זיי א סך מאָל געטראָפען, זיך שטאַרק אינטע־רעסירט צו וויסען וואָס פאַר מענשען זיי זיינען און ווי ווייט עס גרייכט זייער ענטוויקלונג, און איך האָב געזעהן, אַז עפּעס פאַר־שטעהען זיי יאָ; זיי קענען לעזען און שרייבען און זיינען באַקאַנט מיט א פּאָר בראָשורען. צו זייער מיינונג האָב איך זיך אַלע מאָל געדען צוגעהערט.

איינמאָל קומט איינער צו מיר א צוקאָכטער; ער האָט נאָר וואָס א צייטונג איבערגעלעזען און עס האָט איהם אויפגעטראָגען.

— וואָס איז געשעהן? — פרעג איך איהם.

— דאָס איז א סקאַנדאַל! — ענטפערט ער. — דורנאָוואָ און וויטע ערלויבען זיך אַלץ אַזעלכע זאַכען, וואָס טאָרען ניט פאַר־

שוויגען ווערען! און ווייסט איהר וואס איך וועל אייך זאגען, ווערא ניקאלאיעוונא, מיין מיינונג איז, אז מען דארף זיי אויפ־הענגען!

— איהר זיינט דען פאר טויט־שטראף? — פרעג איך גאנץ רוהיג.

— ניין, איך בין געגען טויט־שטראף; דאס דארף מען אפּ־שאפען. — ענטפערט ער.

— נו, אויב אפשאפען ווי אזוי זשע לעגט זיך אייך אויפ'ן שכל, אז דורנאווא'ן און וויטע'ן דארף מען באשטראפען מיט'ן טויט? קומט דאך אויס, אז איהר זיינט ניט קיין געגנער פון טויט־שטראף...

— ניין, איך בין יא א געגנער, אבער דורנאווא'ן און וויטע'ן דארף מען אויפהענגען.

און וויפיעל איך האב מיט איהם ניט גע'טענה'ט, אז מען קען ניט זיין אי פאר אי געגען, האט זיך עס צו איהם, צו דעם „אויפ־געקלערטען" פויער ניט צוגעקלעפּט.

מיט דעם זעלבען פויער האב איך איינמאל פארפיהרט א גע־שפּרעך וועגען דעם צי עס איז בעסער, אז די ערד אין דארף זאל באלאנגען צו דער גאנצער „אבשטשינא" (קהלה), אדער צו איינ־צעלנע מענשען, און דערביי האט ער זיך אויסגעדריקט אזוי:

— עס פארשטעהט זיך, אז איך וואלט בעסער געוואלט האַ־בען א שטיקעל ערד און אליין זיין דער פולער בעל הבית איבער דעם; ווען איך בין דער בעל הבית, קען מיר קיינער קיין דעה ניט זאגען און איך קען טאן וואס איך וויל!... איך ווייס אבער, אז אויב מען וועט פארניכטען די „אבשטשינא" וועט א העלפט פונ'ם דארף אין צעהן יאהר ארום באשטעהן פון ארימע לייט. די פויערים ווע־לען איינציגווייז פארקויפען זייערע נחלות און פון אלעם וועט ווע־רען א תל. און נאר ד ע ר פ א ר בין איך פאר דער „אבש־טשינא".

ווען מען האט מיט דער הילף פון דער פויערים־באנק געקויפט ערד ביים פריץ, האט ער, דער פויער, געארבייט מעשים, אז די ערד זאל געקויפט ווערען פון דער „אבשטשינא" און ניט פון איינ־צעלנע פויערים, און אין זיין ארבייט האט ער געהאט ערפאלג.

אבער מיט עטליכע יאהר שפּעטער האב איך זיך דערוואוסט,

אז ער אליין איז ארויס פון דער „אבשטשינא“ און זיך איינגעפונ־
דעוועט אין זיין אייגענער נחלה.

ריידענדיג מיט מיר וועגן די פּאָגראָמען וואָס די פּויערים
מאַכען אויף די פּריצים און נעמען צו ביי זיי די ערד, האָט ער
אויסגעדריקט זיין מיינונג, אז דער אופן ווי אזוי די פּויערים באַ־
פאַלען די מאַיאָנטקעס און ראַבעווען, איז טאַקע ניט קיין גוטער.
„אבער גלויבט מיר, ווערא ניקאָלאַיעווונא, — האָט ער געזאָגט, —
ווען ניט אָט די פּאָגראָמען אויף די פּריצים, וואָלט מען גאָר אינ־
גאַנצען ניט אויפגעהויבען די פראַגע וועגען גיבען אונז ערד...“

אַן אַנדער פּויער, אויך פון די „אויפגעקלערטע“, האָט מיר
איינמאָל געזאָגט אזוי:

„מיר דאַרפען אזוי ניט האָבען די ערד ווי מיר דאַרפען פריי־
הייט. ווען מיר וואָלטען געהאַט פרייהייט, וואָלטען מיר אויסגע־
קומען אפילו מיט די קליינע נחלות ערד, וואָס מיר האָבען“.

דאָס איז געווען זעהר גוט געזאָגט. מיר איז דאָס שטאַרק
געפעלען.

מיט עטליכע טעג שפּעטער, האָב איך איהם ווידער געטראָ־
פען, און דאַן האָט ער מיר געזאָגט:

„איך טראַכט אַלץ און טראַכט אַלץ, ווערא ניקאָלאַיעווונא,
און עס פאַלט מיר איין אזא געדאַנק: איך וועל זיך פאַרשטעלען
פאַר אַ זשאַנדאַרם און אַנהעצען די פּויערים, אז זיי זאָלען אַנפאַ־
לען אויף די פּריצים און צונעמען ביי זיי די ערד. איך וועל זיי
זאָגען, אז דער קיסר אַליין האָט געהייסען אזוי טאָן!...“

אין אַלגעמיין קען מען זאָגען, אז די „אויפגעקלערטע“ פּויערים
זיינען גייסטיג געשטאַנען ניט קיין סך העכער פון די ניט אויפ־
געקלערטע.

איינער פון זיי האָט מיר איינמאָל געזאָגט:

„איך בעט ניט ביי אייך קיין ה י ל ף. אָבער גיט מיר
אויף באָרג צעהן פּוד קאָרן, און ווען די תבואה אויף די פעלדער
וועט שפּעטער זיין געראָטען, וועל איך אייך אָפּגיבען“.

איך האָב איהם ניט געקענט אָפּזאָגען און האָב איהם געגעבען
צעהן פּוד קאָרן. אָבער ער האָט ניט אָפּגעגעבען.

אַן אַנדערער איז געקומען בעטען, איך זאָל איהם אויך גיבען
קאָרן און זיין טענה איז געווען אזא:

— עס איז ניט וויכטיג צי איך נויטיג זיך טאַקע אין דעם,

צי נייז. אבער אנדערע גיט איהר יא, ווײל איך, אז איהר זאלט
מיר אויך גיבען!... איך בין ניט ערגער פון אנדערע!

— דאס איז אמת, — ענטפער איך איהם און האלט זיך
קוים איין, ניט ארויסצואווייזען דעם כעס. — דאס איז אמת, איהר
זיינט ניט ערגער פון אנדערע, נאר בעסער פון אנדערע... אייך איז
ווירקליך בעסער פון די וואס נויטיגען זיך יא... זיי דארפען קומען
בעטען און איהר ניט... אייך צווינגט ניט די נויט אויסצושטרעקען
די האנט און בעטען א שטיקעל ברויט...

אבער ער האט זיך צו מיינע רייד ניט געוואלט צוהערען און
זיך געהאלטען ביי זיינס:

— אנדערע גיט איהר — דארפט איהר מיר אויך גיבען!...

עס פארשטעהט זיך, אז ער האט גארניט געקראגען.

א דריטער פויער, איינער א מיכאילא, האט מיר פארשאפט
נאך מעהר עגמת נפש. אליין איז ער געווען א קאוואל, און אין
דארף ביי אונז איז ניט געווען קיין קוזניע און די פויערים האבען
זיך געמוזט שלעפען אין אן אנדער דארף קאווען די פערד. מי־
כאילא'ס טרוים איז געווען צו עפענען א קוזניע, אבער דארויף
האט ער געדארפט האבען ניט ווייניגער ווי 40 רובעל. אזוי פיעל
געלט האט מיכאילא ניט געהאט, איז ער געקומען צו מיר בעטען,
איך זאל דאס איהם גיבען, און אזוי ווי איך האב איינגעזעהן
די נויטיגקייט פון א קוזניע אין דארף און מיכאילא האט אויף מיר
א גאנץ גוטען איינדרוק געמאכט, האב איך איהם געגעבען צוואנציג
רובעל צו קויפען געהיליץ און איהם צוגעזאגט, אז שפעטער וועל
איך איהם גיבען די איבעריגע צוואנציג רובעל.

מיכאילא איז אבער צוגעשטאנען, אז איך זאל איהם גיבען
די 40 רובעל מיט אמאל.

— איהר וועט מיר טאן די גרעסטע טובה, — האט ער גע־
זאגט, — אויב איהר וועט מיר גיבען די 40 רובעל מיט אמאל.
גלויבט מיר אויף מיין עהרען־ווארט, אז איך וועל דאס געלט פאר־
טאן אויף א קוזניע!

ווען א מענש שווערט זיך ביי זיין עהרען־ווארט קען מען
איהם ניט אפזאגען, ובפרט נאך א דערוואקסענער מענש, מיט א
גרויסער בארד און מיט צוויי כשר'ע אויגען! האב איך איהם
געגעבען די 40 רובעל מיט אמאל.

אבער ער האט זיין עהרען־ווארט ניט געהאלטען. ער האט

קיין קוזניע אין ניקיפאָראָווא ניט אויסגעבויט. און ווען איך דער־מאָן זיך אָן יענעם פאַל, טוט מיר וועה דאָס האַרץ און עס איז מיר אַ פאַרדרוס.

---

אָט אַזוי איז מיר אין דער אַרבייט אַלץ געגאַנגען מיט דער פוטער אַראָפּ. אַ פּויער, אַ גערטנער, וועלכער האָט דוקא ניט שלעכט פאַרדיענט, האָט פאַר זיך אַ שטיבעלע אויסגעבויט. ווען עס איז געקומען צום דאַך האָט ער מעהר קיין געלט ניט געהאַט, און דאַן איז ער געקומען צו מיר בעטען, איך זאָל איהם אויס־לייהען אַ ביסעל געלט; ער וועט מיר שפּעטער אָפּגיבען. נו, ווי זשע איז מען אַזוי שלעכט און מען גיט ניט? האָב איך איהם גע־באָרגט צוואַנציג רובעל.

אָבער ער האָט ניט אָפּגעגעבען.

און אַנדערער, מיינער אַ שכן, איז געקומען, זיך עטליכע מאָל איבערגע'צלמ'ט און געבעטען, איך זאָל איהם גיבען 15 רובעל; ער וויל אָוועקפאָהרען קיין סיביר אַרבייטען און פאַרדיענען און ער שווערט זיך ביי גאָט, אַז ער וועט די פופצעהן רובעל אָפּשיקען. אָפּזאָגען איהם האָב איך ניט געקענט און איך האָב איהם די 15 רובעל געגעבען.

אָבער ער האָט זיי ניט אָפּגעשיקט, כאָטש ער האָט אין סיביר דוקא זעהר גוט פאַרדיענט און צוגעשיקט דער ווייב אַ גאַנץ היבשע סומע געלט.

עס איז געווען קלאָר: די נויט האָט די פּויערים געטריבען זיך צו דערנידעריגען און דערביי האָט ביי זיי ניט אויסגעמאַכט זיך צו שווערען ביי גאָט, גיבען אַן עהרען־וואָרט און דערנאָך עס ניט האַלטען...

---

ענדליך איז געקומען אַ סוף צו מיינע צרות! פון פּעטערבורג איז געקומען מיין שוועסטער אָלגאַ, און אַזוי שנעל ווי זי איז גע־קומען, האָב איך איהר מיין אַרבייט איבערגעגעבען.

— נאַ דיר דאָס געלט, נאַ דיר די חשבונות, — האָב איך איהר געזאָגט. — אפשר וועט די אַרבייט ביי דיר געהן בעסער. איך האָב מעהר קיין כח ניט...

מיין שוועסטער האט איבערגענומען די ארבייט, און דא איז געשעהן אזא זאך, וואס בעט זיך פשוט, אז א סאלטיקאוו־שטשעדריז, אדער א גלעב אוספענסקי, זאלען דאס באשרייבען.

עס איז געקומען די צייט ווען מען האט געדארפט פארזייען פלאקס, האבען די פויערטעס פון דארף זיך געווענדעט צו מיין שוועסטער, זי זאל זיי גיבען זריעה. מיין שוועסטער האט איינגעזעהן די נויטיגקייט פון דעם, האט זי געקויפט זריעה און זי פארטיילט צווישען די פויערטעס.

באלד נאכדעם איז גראד אויסגעקומען אזוי, אז מעהר קיין געלט איז שוין ניט געווען.

וואס זשע, מיינט איהר, האט זיך ארויסגעוויזען? נאכדעם ווי מען האט די גאנצע זריעה צוטיילט, האבען מיר אויסגעפונען, אז די פויערטעס האבען אויף א קונציגען אופן פארקויפט מיין שוועסטער די אלע זאפאסען און דערנאך האבען זיי טאקע ביי איהר גענומען אויף זריעה.

זיי האבען דאס אפגעארבייט אזוי איינפאך־געניאל און געמאכט פון אונז חוכא וטלולא, אז מיר האבען אליין געמוזט לאכען... מעהר פון אלע האב איך געלאכט. עס האט מיר הנאה געטאן וואס מען האט אפגענארט ניט מיך, נאר מיין שוועסטער...

ווען איך וואלט געווען די אפגענארטע, וואלט איך אפשר דארויף געקוקט מיט אנדערע אויגען. אבער דער אפגענארטער איז געווען אן אנדערער, א גוטער מענש, וואס האט די טבע זיך צו באציהען מיט צוטרויען צו אנדערע, און מיר האט זיך געדוכט, אז דער פאל מיט דעם פלאקס איז אזא כאראקטעריסטישער פאר'ן דארף, אז מען מוז לאכען. איך האב אויף א ווייל פארגעסען ווי אזוי מען האט מיך אויך אפגענארט... פארגעסען אן אלעם און געלאכט; געלאכט פון זיך אליין, פון דער שוועסטער און פון די אלע מענשען, וואס האבען די מעלה זיך צו באציהען מיט צוטרויען צו אנדערע...

דאס איז געווען א ווידערהאלונג פון דעם וואס גלעב אוספענסקי האט אמאל באשריבען: ווי אין א קאלאניע פון אינטעליגענטען אין קאווקאז האט מען איינמאל, ווען עס איז ניט געווען

וואס צו עסן, געשיקט א פויער, ער זאל גיין אויף יאגד און ברענגען א געשאסענעם פויגל, אדער א חיה; האט דער פויער גענומען דעם פריץ׳ס ביקס, אוועק צום פריץ אין הויף אריין, גע־שאסן דעם בעסטן פויגל, וואס איז אין א שטייג געזעסן, און איהם געבראכט א טויטן צו די פריצים, באריהמענדיג זיך, אז דער יאגד האט זיך איהם גלענצענד איינגעגעבן...

...דאס געלעכטער איז פארשוואונדן און דער וועהטאג אין הארצן איז געבליבן...

א הארץ, וואו די פארגאנגענהייט ליגט ווי א שווערער שטיין, וואס רייסט זיך די גאנצע צייט צו א ניי לעבן און האלט נאך איצט אין איין פרעגן: ווי אזוי לעבט מען? מיט וואס לעבט מען? צוליעב וואס לעבט מען?

וואו איז מיין ארט אין לעבן? וואו געפינט מען פאר זיך עפעס א פלאץ?

עס איז געשעהן א נס און אין דער גרויסער מדבר, וואו אלעס איז געווען פוסט און וויסט, האבן גרינע גרעזעלאך אנגעהויבן וואקסן... פון וואנען האבן זיי זיך גענומען? וועלכע רעגען־טראפענס האבן זיי באפרוכטפערט? און אפשר האבן זיי זיך גענומען ניט פון רעגען־טראפענס, נאר פון טרערן... טרערן, וואס מען פארגיסט אין דער שטילקייט פון דער נאכט... די גרעזעלאך זיינען אויסגעוואקסן, ווייל עס איז געמאכט געווארן א פארזוך צו לעבן, זאל זיין א ניט געלונגענער פארזוך, אבער דאך א פארזוך זיך ווידער צוצוקלעפן צו דער וועלט, צו מענשען און צו זייערע ליידן.

מיט דעם פארזוך איז געווען פארבונדן א שטיק איבערקע־רעניש, א גייסטיגע איבערקערעניש; א חשבון הנפש פון די גע־פיהלען פון „אמאל,“ מיט א פארגלייך מיט די געפיהלען פון „היינט“... פאמעלאך האבן זיי זיך איבערגערוקט — די ליכט פון אמאל, די שאטענס פון היינט... פאמעלאך האבן זיך געביטן די פארבן, און די שאטענס זיינען געווארן ווייכער... דאס ליכט און דער שאטן פונ׳ם דארף האבן אין די אויגן געשווינדעלט... געקעמפט איינער מיט׳ן אנדערן און זיך אזוי אויסגעמישט, אז עס איז שוין שווער געווען אנצואווייזן וואו עס הויבט זיך אן דאס ליכט און וואו עס ענדיגט זיך דער שאטן...

און ביסלעכווייז האָט די האַנט פון לעבען אָנגעהויבען אָנ־
ווייזען דעם ענטפער אויף דער פראַגע „ווי אַזוי לעבט מען?"
דער ענטפער האָט אָנגעהויבען ווערען קלאָר: „האָסט געמאַכט
פעהלערען, באַשלים זשע, אַז מעהר וועסטו אַזעלכע פעהלערען ניט
מאַכען!... און כאָטש דו האָסט איצט אַזוי ווייניג מעגליכקייטען,
זאָלסטו דאָך ניט זיין פאַרצווייפעלט, זוך ווייטער,
פּרואוו ווייטער און לעב ווייטער!"...

# פיערצעהנטער קאפיטעל.

## ווידערשפרוכען פון לעבען.

איבער דעם וואס איך האב ניט געוואלט איבעררייסען דאס וואס איך האב דערצעהלט אינ'ם פריהערדיגען קאפיטעל, האב איך אויסגעלאזען אן איבערלעבונג, וואס איז זעהר כאראקטעריסטיש פאר דער פסיכא־לאגיע פון א מענשן, וואס ווערט באפרייט נאכדעם ווי מען האלט איהם פארשפארט א סך יאהרען אין געפענגניש.

נאך אין שליסעלבורגער פעסטונג האב איך א סך געליטען פון דעם וואס ניט אלע זיינען גלייך און איינע האבען מעהר און אנדערע ווייניגער. אין טאג־טעגליכען לעבען איז דאס א געוועהנ־ליכע ערשיינונג; מען איז צוגעוואוינט דערצו, אז איינער זאל פארמאגען א סך און דער אנדערער ווייניג, קיינער קוקט זיך שוין גאר ניט אום דארויף. און איך בין אזוי אפגעוואוינט געווארען פונ'ם לעבען און פון די געוועהנליכע, טאג־טעגליכע לעבענס־ער־שיינונגען, אז אט דער אלגעמיין־באקאנטער פאקט האט אויף מיר געמאכט א שרעקליכען איינדרוק, און איך בין זיכער אז אזוי וואלט זיך געפיהלט בלויז אזא מענש, וואס פאלט אראפ פונ'ם הימעל און ווערט איבערראשט ווען ער זעהט אזעלכע זאכען, וואס זיינען פאר איהם אינגאנצען נייע.

און אט די ניטגלייכקייט, וואס האט אויף מיר אזוי שלעכט געווירקט, האב איך געפונען אין מיין אייגענער משפחה, ווען איך האב אנגעהויבען קריגען בריעף פון דער היים.

ווען איך בין נאך געווען א קליינע מיידעלע האב איך געזעהן ווי ביים טאטען און ביי דער מאמען זיינען אלע קינדער גלייך, און דאן האב איך, א פנים, געדענקט, אז אויך שפעטער, ווען מיר וועלען אויסוואקסען, וועלען מיר ביים לעבען זיין אלע גלייך, פונקט אזוי ווי מיר זיינען געווען ביי טאטע־מאמע. אבער די טורמע האט

מיך פארכאפט פונקט אין אזא צייט ווען די וועגען פון מיינע שוועסטער און ברידער האבען אנגעהויבען אוועקגעהן אין פארשי־דענערליי ריכטונגען; מיינע צוויי שוועסטער, לידיא און יעווגעניא, זיינען געשטעלט געווארען צום געריכט פאר רעוואלוציאנערער טע־טיגקייט און מען האט זיי פארשיקט קיין סיביר; מיך האט מען פאר׳משפט צום טויט און דערנאך האט מען מיך „באגנאדיגט" און פארשפארט אין שליסעלבורגער פעסטונג; מיין אינגערע שוועס־טער אלגא האט דאן נאר־וואס געהאט געענדיגט איהר בילדונג און האט נאך ניט אוספייעט אריינצוטרעטען אין פראקטישען לעבען. און מיינע ברידער? איינער (ניקאלאי) האט דאן געקראגען דעם ערשטען ענגאזשמענט אלס אפערא־זינגער און פון דאן האט זיך אנגעהויבען זיין גלענצענדע קאריערע אויף דער ביהנע; דער צוויי־טער (פיאטר) איז געווארען אן אינזשענער און שפעטער האט ער פארנומען איינעם פון די אנגעזעהנסטע פלעצער אין זיין ספע־ציאליטעט. די וועגען האבען זיך שוין דאמאלט אנגעהויבען שיידען, אבער ווי ווייט זיי זיינען אוועק, ווען איך האב אין שליסעלבורגער פעסטונג אנגעהויבען קריגען די ערשטע בריעף פון דער היים!

עס קומט אן א בריעף און מיט אמאל ווער איך געוואר, אז מיין ברודער ניקאלאי איז בארימהמט איבער גאנץ רוסלאנד אלס אפערא־ארטיסט און אז ער איז זעהר רייך; ער לעבט ווי א גראף, האט א מאסע געלט און קען זיך פארגינען אלעם וואס א מויל קען אויסריידען און וואס א געדאנק קען אויסטראכטען. און אין דער זעלבער צייט דערוויים איך זיך אויך, אז מיין שוועסטער לידיא, וועלכע האט זיך שוין אומגעקערט צוריק פון סיביר מיט איהר מאן, איז אויף גרויסע צרות און איז ניט זיכער מיט׳ן מארגענדיגען טאג.

איך בין זיך מודה, אז מיר איז דאס געווען פריקרע, עס האט זיך מיר ניט געלעגט אויפ׳ן שכל און איך האב ניט געקענט פאר־שטעהן ווי אזוי אזא זאך איז מעגליך. פאר מיינע אייגענע אויף דער פריי איז דאס אפשר געווען א געוועהנליכע, גאנץ נאטירליכע ערשיינונג, אבער מיר האט דאס געבויערט דעם מוח און איך האב געהאלטען אין איין טראכטען וועגען דעם. און אנדערש האט דאס ניט געקענט זיין, ווייל איך בין פון תמיד אן געוועהנט געווארען דערצו, אז אלע זיינען גליך; אזוי איז געווען ביי אונז אין דער היים, ווען איך בין נאך א קליינע מיידעלע געווען, אזוי איז געווען אין דעם רעוואלוציאנערען קרייז, וואו איך האב געלעבט שפעטער,

ווען איך בין אויסגעוואקסען, און אזוי איז געווען אין טורמע, וואו איך און מיינע חברים זיינען געווען פארשפארט. דאריבער איז מיר אזוי שווער געווען צו פועל'ן ביי זיך, אז אין מיין אייגענער משפחה איז מעגליך, אז ניט אלע זאלען זיין גלייך — דער ברודער איז רייך און די שוועסטער איז ארים.

און אויך שפעטער, ווען איך בין ארויס פריי, איז מיר שווער געווען זיך צוצופאסען צו דעם און איך האב א סך געליטען דערפון.

אט בין איך אין ניקיפאראוווא; איך לעב ביי מיין ברודער אויף א מאיאנטעק און ער פארמאגט זעקס הונדערט אקער לאנד. ניט ווייט איז דער מאיאנטעק פון מיין צווייטען ברודער און ער פארמאגט טויזענד אקער לאנד. די וואוינונג איז טאקע ניט קיין גרויסע, איינגאנצען ניט מעהר ווי פיער צימערען, אבער שעהנע, געראמע, ציכטיגע, איך האב דארטען די אלע באקוועמליכקייטען, וואס פריצים האבען געווענליך אין זייערע וואוינונגען. מיר באַקומען אבער ניט די אלע באקוועמליכקייטען ווען איך דערזעה ווי מיינע שכנים לעבען — די פויערים. אמת טאקע, איך באד זיך ניט אין ראסקאש, איך האב בלויז די באקוועמליכקייטען, וואס א מענש דארף האבען, אבער אפילו דאס רייסט אויף די אויגען און קען באַטראכט ווערען אלס א ראסקאש ווען מען פארגלייכט עס מיט דעם שטייגער ווי די פויערים לעבען.

דער וואס האט שטענדיג געלעבט אין געוועהנליכע אומשטענדען, באמערקט דאס ניט; ער איז שוין געוואוינט דערצו און עס ארט איהם ניט. מיך אבער לאזט דאס ניט רוהען, און ביינאכט, ווען איך ליג אויף דעם ווייכען בעט, אין א שעהן צימער, צוגעדעקט מיט א גוטער, לייכטער קאלדרע, אויף א שנעע־ווייסען פוכקע קישען, הויב איך זיך אן פארשטעלען דאס פויערשע שטיבעלע, וואס שטעהט ניט ווייט. דארטען איז ענג און דושנע און אלע שלאפען אויף דער ערד, מיט שמוציגע פעלצלאך און שמאטעס צוקאפענס.

אדער איך פאהר זיך דורך קיין כריסטאפאראווקא, צו די קופריאנאווס. אין א שעהן בריטשקעלע פאהר איך דורך דאס גאנצע דארף; דאס פערדעל, א געזונטס, אן אויסגעפאשעטס, לויפט אזוי לייכט און ריהרעוודיג, האלטענדיג די מארדע פארריסען; אויף דער קעלניע זיצט אונזער אלטער אנטרייבער, וואסילי מיט דער ברייטער בארד. מיר פאהרען ארויס פונ'ם דארף און דאס פערדעל

הויבט אן לויפען איבער די וועגן, וואס ציהען זיך צווישען גרינע לאנקעס. וואס ווייטער מיר פאהרען, אלץ ברייטער ווערט דער האריזאנט; ביי די זייטען ציהען זיך די קארן-פעלדער און די הויכע זאנגען וויעגען זיך, גלייך א כוואליע וואלט זיך איבער זיי א יאג געטאן. און ווען איך פאהר צוריק, קוקט פון דער הויך ארונטער אן אויסגעשטערנטער הימעל; עס איז אזוי גוט זיך צו וויעגען אויף דעם ווייכען בריטשקעלע, די לופט איז פריש, אנגענעם, פאר'שכור'ענד, און די ברייטע ווייטקייט ארום און ארום ציהט צו זיך מיט אזא צויבער, אז עס וואלט זיך געוואלט פאהרען און פאהרען, אלץ ווייטער און ווייטער און זיך קיינמאל גאר ניט אפשטעלען.

און פונקט דאן ווען דו אטעמסט איין זיך אריין די פרישע לופט און ארום און ארום איז אזוי שעהן, פאלט דיר איין א געדאנק: כדי עס זאל דיך אזוי וויעגען אין א ווייך בריטשקעלע און אן אויסגעפאשעט פריצ'יש פערדעל זאל זיך מיט דיר אזוי יאגען אין א שעהנער זומער-נאכט, מוז אן אנדערער זיך שלעפען אין שטויב, מיט אן איינגעדארט פערדעל און מיט א צובראכען וועגעלע, וואס קען די נשמה ארויסטרייסלען.

איך פאהר אריין אין דארף; פויערים, וואס האבען א גאנצען טאג שווער און ביטער געארביים, שטעהען ביי די קליינע שטיבעלאך, זיצען אויף די פריזבעס, און ווען איך פאהר פארביי אויף דעם שעהנעם, ווייכען בריטשקעלע, קוקען זיי אויף מיר. וואס פיהלען זיי דערביי? און מיר דוכט זיך, אז אויסער קנאה און שנאה קענען זיי צו מיר גארניט פיהלען.

ביי זיך אין הארצען גיב איך צו, אז זיי זיינען גערעכט, ווארים אזא ניטגלייכקייט מוז ארויסרופען דעם געפיהל פון קנאה און שנאה.

די צייט איז דאן געווען אן אומרוהיגע. אינ'ם וואלגא-געגענד האט מען געצונדען די פריצ'ישע מאיאנטקעס און די פריצים אליין זיינען געלאפען וואוהין די אויגען האבען זיי געטראגען. און איך געדענק נאך וואס מיין ברודער האט מיר געזאגט ווען ער איז אוועקגעפאהרען און מיך איבערגעלאזען אליין אויף זיין מאיאנטעק. „איך וויים ניט ווי אזוי דו וועסט דא קענען זיין, — האט ער געזאגט, — איינע אליין מיט די דיענסטען. שטעל זיך פאר: ביינאכט, עס איז שטיל, און מיט אמאל דערהערסטו טריט — זיי געהען!“

ווען מען מיינט מיט דעם „זיי" האָבען אין יענער צייט
אַלע פאַרשטאַנען. איך האָב זיינע ווערטער גוט געדענקט, און ניט
איין מאָל, ווען איך בין ביינאַכט געלעגען אויף דעם ווייכען בעטעל,
אויף אַ שנעע־ווייסען קישען, אין אַ געראַמען צימער און געקוקט
אויף דעם פרישען בוקעט בלומען, וואָס איז אויפ׳ן טישעל געשטאַ־
נען, האָב איך זיך אָן זיינע ווערטער דערמאָנט — „זיי געהען."
און דאָן האָב איך געטראַכט, אַז אויב „זיי געהען," האָבען
זיי אַ רעכט דערצו, און ווען זיי וועלען קומען, וועל איך זיך ניט
שטעלען אַנטקעגען און וועל זיי קיין איין שלעכט וואָרט ניט
זאָגען...

אין דאָרף איז דער מאָנאַרכיזם אין יענער צייט געווען זעהר
שטאַרק, און מיין ברודער פּיאָטר האָט דאַריבער מורא געהאַט,
אַז די פּויערים זאָלען צו מיר נאָך ניט אַרויסווייזען צופיעל שנאָה
און האַס דערפאַר וואָס איך האָב אַנטייל גענומען אין דער פאַר־
שווערונג צו דער׳הרג׳ענען אַלעקסאַנדער דעם צווייטען. ער האָט
אויך מורא געהאַט, אַז די פּאָליציי וועט אומיסטען העצען די פּוי־
ערים געגען מיר. מיין ברודער האָט אָבער געהאַט אַ טעות. די
פּויערים האָבען צו מיר קיין שנאָה ניט אַרויסגעוויזען, און ווען מיין
שוועסטער אָלגאַ האָט זיך איינמאָל צורעדט מיט אַ יונגער פּויערטע
וועגען דעם וואָס מען זאָגט וועגען מיר אין דאָרף, האָט איהר יענע
געענטפערט אזוי: „ביי אונז זאָגט מען, אַז איצט
איז זי אַ הייליגע און אַז מעהר וועט זי
שוין ניט טאָן אַזאַ זאַך ווי זי האָט פריי־
הער געטאָן."

אַזוי האָט מען אין דאָרף צונויפגעפּאָרט דעם באַגריף וועגען
הייליגקייט פון ליידען מיט דעם באַגריף וועגען זינד.

---

איינמאָל בין איך אַוועק אין אַ שכנה׳שען מאַיאָנטעק און
דאָרטען האָב איך געבעטען, מען זאָל מיר ווייזען דאָס צימער, וואו
די אַרבייטער וואוינען. ווען איך בין אַרויף אויפ׳ן צווייטען שטאָק
און געעפענט די טיר, וואָס מען האָט מיר אַנגעוויזען, בין איך גע־
בליבען שטעהן אַ פאַרציטערטע. דאָס צימער איז געווען פּוסט, ביי
די ווענט זיינען נאָך געווען סימנים פון הילצערנע נאַרעס, פון וועל־

בע עס איז שוין קיין זכר ניט געבליבען; אויף דער ערד זייבען געלעגען אנגעווארפען שמאטעס און טראנטעס, און פון דעם איז געווען קלאר, אז די ארבייטער שלאפען אויף דער ערד.

— קעהרט מען דא כאטש אמאל אויס דאס מיסט? — האב איך געפרעגט.

— יא, — האט מיר א דיענסט געענטפערט. — איין מאל אין וואך.

אין אלעווינקעלאך זיינען געלעגען בערגעלאך מיסט, די ווענט זיינען געווען קויטיג און די שויבען פון די פענסטער זיינען געווען באדעקט מיט שטויב.

ווי קענען מענשען שלאפען אין אזא שמוץ, אין אזא שטיקעניש? ווי אזוי קענען זיי זיך וואלגערען אויף דער הוילער ערד, וואס איז פול מיט מיסט? און קוקענדיג אויף דעם צימער האב איך זיך דערמאנט אין דעם פינסטערען קארצער, וואו מען האט מיך איינמאל אין שליסעלבורגער פעסטונג פארשפארט אויף זיבען טעג.

איך בין ארונטער צוריק, און פונקט דאן זיינען די ארבייטער אנגעקומען פון די פעלדער, וואו זיי האבען א גאנצען טאג שווער געהארעוועט. די פנימ'ער זיינען ביי זיי געווען באדעקט מיט שטויב און זיי האבען אויסגעקוקט ווי די שווארצע רוחות.

אויפ'ן וועג צוריק אהיים האב איך ניט אויפגעהערט קלערען וועגען זיי, און מיט וועמען איך האב זיך נאר געטראפען, האב איך וועגען דעם גערעדט.

— ווי קען מען דערלאזען, אז מענשען זאלען לעבען אין אזא שטיקעניש? — האב איך געפרעגט. — ארום און ארום קומען פאר שרפות; די פריצים האלטען זיך אין איין קלאגען דארויף וואס די פויערים צינדען אונטער זייערע מאיאנטקעס. אבער עס שטעלט זיך א פראגע: וואס דען זאלען טאן מענשען ווען מען צווינגט זיי צו לעבען אין אזא חשכות? עס איז נאך א וואונדער וואס זיי, די ארימע „באטראקעס,“ האבען געליטען און געשוויגען ביז איצט. פארוואס פארטראכטען זיך ניט די פריצים וועגען דעם? מיר דוכט זיך, אז פשוט צוליעב דעם כדי זיי זאלען מיט זייער אייגען לעבען קענען זיין זיכער, וואלטען זיי געדארפט פארבעסערען די לאגע פון די ארימע, וואס ארבייטען פאר זיי...

ביי מיין ברודער פּיאָטר אויפ׳ן מאַיאָנטעק, אין ניקיפאַראָווא, האָט מען געהאַלטען זעהר ציכטיג דאָס צימער, וואו די ארבייטער האָבען געוואוינט, און ווי ווייט מיר איז אויסגעקומען צו באַמערקען, האָט מען די ארבייטער געגעבען עסען אויך זעהר גוט.

אָבער ערד, ערד! מיין ברודער איז געווען אַ פריץ, אַ לאַנד־באַזיצער, אָבער ער אַליין האָט אויף דעם לאַנד ניט געוואוינט. אַליין אַ גוטער אינזשעניר, האָט ער געהאַט אַ פיינע שטעלע אין אַ מעטאַלורגישען זאַוואָד און געקראָגען אַ גאַנץ היבשע סומע געלט פאַר זיין אַרבייט. עס איז אַלץ אויסגעקומען אַזוי, אַז ער האָט געמוזט וואוינען זעהר ווייט פון דעם גרויסען מאַיאָנטעק, וואָס ער האָט פאַרמאָגט. און ווען מען פלעגט איהם פרעגען צו וואָס ער דאַרף איינגאַנצען האָבען דעם מאַיאָנטעק, האָט ער געענטפערט אַזוי:

„ווען איך וועל ווערען אַלט און וועל מעהר קיין כח ניט האָבען צו אַרבייטען, וועל איך קומען אין אונזער אויעזד, זיין אַ בעל־הבית אויף מיין מאַיאָנטעק און אַרבייטען אַ ביסעל אין דער זעמסטוואָ.“

פאַר איהם איז דער מאַיאָנטעק געווען ניט מעהר ווי אַ שפּיעל־כעל, און דערצו נאָך אַזאַ שפּיעלכעל, וואָס קאָסט זעהר טייער. אכטונג געגעבען אויף דער גאַנצער בעל־הבית׳ישקייט האָט איינער אַ הויכער, געזונטער פויער, מיט אַ רויטער נאָז אַ גראָבער, און ער האָט זיך אַליין אין זינען געהאַט מעהר ווי די בעל־הבית׳ישקייט. פון די 600 אקער לאַנד, וואָס מיין ברודער האָט פאַרמאָגט, האָט ער קיינמאָל ניט געצויגען קיין גראָשען פאַרדיענסט; נאָך מעהר, ער האָט יעדען יאָהר פון זיינע פאַרדיענסטען אַלס אינזשעניר גע־מוזט אויסגעבען אַ צוויי טויזענט רובעל אויסצוהאַלטען דעם מאַ־יאָנטעק.

איין מאָל אין יאָהר, זומער־צייט, פלעגט ער קומען קיין ניקי־פאַראָווא אויף אַ מאָנאַט, און אַמאָל בלויז אויף צוויי וואָכען. ער האָט ליעב געהאַט דאָס דאָרף, די פעלדער און וועלדער אַרום און אַרום, און ער האָט געהאַט פאַרגעניגען פון דעם וואָס ער פאַר־ברענגט אַ ביסעל אין דעם אייגענעם ווינקעלע, וואו די בעסטע קינדער־יאָהרען זיינען אַוועק און וואוהין ער פלעגט קומען אויפ׳ן זומער נאָך אין יענער צייט ווען ער האָט געלערענט אין גימנאַזיע און אין אוניווערזיטעט.

ער האָט זיך צום מאַיאָנטעק באַצויגען ווי אַ בעל־הבית מיט פאַרנעם; אויסגעבויט אַ מיהל, וואָס איז געגאַנגען אויף נעפט, און דאָס איז געווען זעהר אַ נויטיגע זאַך אין אונזער געגענד; איינגעפיהרט די מאָדערנע מאַשינען, וואָס זיינען געווען אַ זעלטענ־הייט אין אונזער געגענד; אויך מיט פיה־צוכט האָט ער זיך שטאַרק אינטערעסירט און אויסגעבויט פאַר זיינע בהמות אַ פיינעם שטאַל, מיט אָפּגעצאַמטע שטייגען פאַר יעדער בהמה באַזונדער; די ווענט אין דרויסען זיינען געווען ווייסע און האָבען זיך שטאַרק געוואָרפען אין די אויגען, און איך האָב איינמאָל געמאַכט שפּאַס און געזאָגט, אַז פון אַזאַ שטאַל וואָלט מען געקענט מאַכען אַ גאַנץ פיינע טורמע מיט איינצעל־קאַמערלאַך פאַר אַרעסטאַנטען. אין גאָרטען איז געווען אַ טייך, און אַ דאַנק דער גוטער אַרבייט פון מיין ברודער האָבען זיך דאָרטען גענומען פלאָדען אַ סך פיש. אויף די בערגלאַך, וואו קיין תבואה האָט ניט געקענט וואַקסען, האָט ער פאַרזעצט בוימלאַך און סאָסנעס. דערנאָך איז איהם גאָר איינגע־פאַלען אויסצובויען אַ קראָכמאַל־פאַבריקעל און צוליעב דעם האָט ער פאַרזייט קאַרטאָפלעס, און חוץ דעם האָט ער אויף זיין מאַ־יאָנטעק געמאַכט נאָך אַהן אַ שיעור קלענערע און גרעסערע עקס־פּערימענטען.

ווי אַזוי זשע איז געגאַנגען די ווירטשאַפט?

מיט'ן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. קיין קראָכמאַל־פאַבריק האָט ער ניט אויסגעבויט און די צוויי טויזענט פוד קאַר־טאָפלעס, וואָס די ערד האָט געזאָלט אַרויסגעבען, זיינען אינגאַנצען אוועק אין ניוועץ, ווייל אָסיען־צייט האָט דער אויפזעהער פאַר־געסען צו פאַרמאַכען אין צייט די דאָפּעלטע טיר פון'ם סקלאַד און די קאַרטאָפלעס זיינען אינגאַנצען פאַרפראָרען געוואָרען. פון דעם ספּעציעלען עקספּערימענט, וואָס מיין ברודער האָט געמאַכט, אַז עס זאָלען אין גאָרטען וואַקסען גאָר פיינע קאַרטאָפלעס, וועלכע טראָגען אַזאַ שעהנעם נאָמען ווי „מיקאַדאָ," איז אויך גאָרניט גע־וואָרען, ווייל מיינע שוועסטער, וועלכע האָבען זומער פאַרבראַכט ביי איהם אויפ'ן מאַיאָנטעק, האָבען זיי אויפגעגעסען. קיין טענות צו זיי האָט מען ניט געקענט האָבען, ווייל זיי האָבען פשוט ניט געוואוסט פון עפּעס צו זאָגען, און גראָבענדיג קאַרטאָפלעס צום קאָכען, האָבען זיי אויסגעגראָבען די וואָס זיינען געווען נעהענטער צו דער האַנט.

פון די גוטע פיש, וואָס האָבען זיך געגומען פלאָדען אין טייך, איז אויך כמעט גאָרניט געוואָרען, און שולדיג אין דעם זיינען גע־ווען מיר. קיינער פון אונז האָט ניט געוואוסט, אז דאָס זיינען זעהר טייערע פיש און אז ווען מען לאָזט זיי וואקסען קענען זיי ווערען אזוי גרויס, אז יעדער פיש זאָל וועגען צוואנציג פונט. האָבען מיר זיי געכאַפּט ווען זיי זיינען נאָך געווען קליינינקע. ווען מיין ברודער וואָלט זיך ניט געכאַפּט אונז צו דערמאָנען אין א בריעף וואָס פאר פיש דאָס זיינען, וואָלטען מיר פון זיי קיין איין פישעל ניט איבער־געלאָזען, ווייל זיי זיינען ווירקליך געווען זעהר געשמאַק.

דער גאָרטען פון עפּעל איז געווען א גאַנץ היבשער. ער האָט פאַרנומען פינף דעסיאטין ערד, אָבער ארום און ארום האָט ער אריינגעטראָגען ניט מעהר ווי 150 ביז 200 רובעל א יאָהר פאר עפּעל.

אויף די פערציג ביהן־שטאָקען, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, האָט ער באַשטימט עפּעס איינעם א שוסטער אַלס אויפפּאַסער, און יענער האָט אזוי אויפגעפּאַסט, אַז מיין ברודער האָט פונ׳ם האָניג כמעט גאָרניט געהאַט.

אויף די יעלאָווע בוימלאַך און אויך אויף די סאָסנע בוימלאַך, וואָס ער האָט פאַרזעצט אויף די בערגלאַך, האָט קיינער ניט אכ־טונג געגעבען און זיי זיינען איינגעדאַרט געוואָרען. מען האָט זיי קוים ארויסגעזעהן פון צווישען גראָז, און די וואָס זיינען יאָ א ביסעל אויסגעוואַקסען, האָט מען געמוזט אָפּהיטען ווי דאָס שוואַרצאַפּעל פונ׳ם אויג, די בהמות זאָלען זיי ניט צוטרעטען.

פון די חזירים, וואָס ער האָט געהאַלטען, האָבען מיר איינ־גאַנצען קיין נחת ניט געהאַט. איין חזיר׳טע האָט מיט איין מאָל געהאַט 21 חזירים׳לאַך און ווען זי האָט זיי געגעבען זויגען, האָט זי 19 פון זיי דערשטיקט, ווייל קיינער האָט אויף איהר ניט אכטונג געגעבען.

נאָך ביז היינטיגען טאָג באַפאַלט מיך א געלעכטער ווען איך דערמאָן זיך וואָס אונזער פּוהרמאַן האָט געזאָגט, ווען די גרויסע חזיר׳טע האָט געבוירען 21 קליינע חזירים׳לאַך; ער האָט דאַן לאַנג געקוקט אויף איהר, זיך פאַרטראַכט און געזאָגט:

— דאָס וואַרפט זי פון זיך חזירים׳לאַך גלאַט אזוי אין דער וועלט אריין...

אוןווירקליך, זי האָט זיי טאַקע ארויסגעוואָרפען גלאַט אַזוי אין דער וועלט אריין...

אַכט און צוואַנציג בהמות האָט מיין ברודער געהאַט, אַבער מילך און פּוטער איז געווען וועניג. עס איז אויף די קליינע קיהע־לאַך ווירקליך געווען אַ רחמנות צו קוקען, און ווען איך האָב איינ־מאָל געפרעגט מיין ברודער, פאַרוואָס ער האַלט בעסער ניט קיין גוטע קיה, וואָס גיבען מילך, האָט ער געענטפערט:

— צו וואָס? איך דאַרף ניט קיין מעלקעדיגע בהמות; איך האַלט זיי בלויז צוליעב דעם, אַז איך זאָל האָבען מיסט פאַר די פעלדער...

אויך אויף די פערד, וואָס ער האָט געהאַט, איז געווען אַ רחמנות צו קוקען, כאָטש מען האָט פאַר זיי געהאַט גענוג היי און האָבער.

אַלעס איז געווען אָפּגעלאָזען, פאַרנאַכלעסיגט, און אין גאָרטען איז אַלעס געווען פאַרוואַקסען מיט קראָפּיווע און ווילדע גראָז און מען האָט דאָרטען קיינמאָל קיין טאָלק ניט געקענט דערגעהן.

ערד. די פּויערים אַרום און אַרום האָבען געהאַט זעהר וועניג ערד; די באַפעלקערונג פון די שכנה׳שע מאַטערישע דערפלאַך האָט געלעבט אין דער שרעקליכסטער אָרימקייט, און אין די הונגער־יאָהרען, וואָס קומען אַזוי אָפט אין קאַזאַנער גובערניע, זיינען אַ סך מענשען אויסגעשטאָרבען פון הונגער. ווי אַזוי זשע האָט זיך מיין ברודער, דער לאַנד־באַזיצער, באַנוצט מיט די עטליכע הונדערט דעסיאַטין ערד, וואָס ער האָט געהאַט? אין דעם יאָהר ווען איך האָב ביי איהם געוואוינט, האָב איך געזעהן ווי אַזוי: אַלע פּויערשע פעלדער זיינען שוין געווען פאַרזייט מיט ווינטער־זריעה. „נו, און ביי אונז?“ — האָב איך געפרעגט דעם אויפ־פּאַסער. — „אַ פערציג דעסיאַטין זיינען נאָך ניט פאַרזייט,“ — האָט ער געענטפערט.

קיין וואונדער איז דאָס ניט געווען, ווייל ווי עס האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזען, פלעגען אַ סך ארבייטער קומען אויפ׳ן פעלד און זיך דאָרטען לעגען שלאָפען. און אַזוי איז די ערד גע־לעגען אַ הוילע, אַ ניט בעאַרבייטע, אין דער צייט ווען אַנדערע פעלדער זיינען שוין געווען באַדעקט מיט גרינס.

קוקענדיג אויף אָט דער ערד, וואָס קיינער האָט ניט בעאַר־בייט, איז מיר געוואָרען שווער אויפ׳ן הארצען און איך האָב מיר

געטראַכט: וואָס פאַר אַ מיאוס׳ע אָרדנונג דאָס איז! איינער האָט אַזוי פיל ערד און בעאַרבייט זי ניט, ווייל ער דאַרף זי אינגאַנצן ניט האָבן, און אַרום איהם געפינען זיך אָרימע פויערים, וועלכע נויטיגען זיך אין ערד און גאַרען ממש זי צו בעאַרבייטען! און דאַן איז פאַר מיר נאָך מעהר ווי אַלע מאָל געווען קלאָר, אַז די ערד דאַרף געהערען צו דעם וואָס בעאַרבייט זי.

שפּעטער, ווען מיין ברודער האָט מיך געפרעגט, צי איך וויל, ער זאָל מיר אין זיין צוואָה איבערשרייבען אַ טייל פון דער ערד, וואָס ער פאַרמאָגט, האָב איך, ניט פאַרטראַכטענדיג זיך אַפילו, געענטפערט: „ניין, איך וויל דאָס ניט!" און איך בין ווירקליך צופריעדען דערפון וואָס איך האָב דאַמאָלט אַזוי געענטפערט.

אין די יאָהרען 1917-1918, נאָך דער רעוואָלוציע, ווען מען האָט אָפּגעשאַפט דאָס רעכט פון פּריוואַט-אייגענטום אויף ערד, האָט מען מיין ברודערס מאַיאָנטעק, פונקט ווי אַ סך אַנדערע מאַיאָנטקעס, נאַציאָנאַליזירט. מיין שוועסטער לידיאַ, וועלכע איז נאָך מיין ברודערס טויט געווען די גאַנצע בעל-הבית׳טע אין ניקיפאָראָווא, האָט איבער דעם געהאַט זעהר אַ סך אונאַנגענעמליכקייטען מיט די אַגראַר-קאָמיטעטען און מיט די פויערים אין דאָרף. „צו וואָס, צו וואָס האָסטו דאָס געדאַרפט און פאַרוואָס ביזטו דאָרט געבליבען? — האָב איך צו איהר געהאַט אַ טענה. — פאַרוואָס ביזטו באַלד פון דאָרטען ניט אַוועק?" און עס האָט מיר ווירקליך באַנג געטאָן פאַרוואָס זי און די אַנדערע יורשים פון מיין ברודער האָבען איינגעשטימט צו ווערען לאַנד-באַזיצער. זיי האָבען דאָס ניט געדאַרפט אַלס סאָציאַליסטען און חוץ דעם זיינען זיי בטבע ניט געווען פון די מענשען, וואָס קענען זיין לאַנד-באַזיצער.

אַ דאַנק דעם וואָס מען האָט אין ניקיפאָראָווא נאַציאָנאַליזירט די מאַיאָנטקעס, איז דער מאַנגעל אין ערד צווישען די פויערים געוואָרען קלענער. אָבער ווען מען האָט ליקווידירט די בהמות און דעם גאַנצען אינוועטאַר פונ׳ם מאַיאָנטעק, איז אַרויסגעקומען אַז אונזין. די פויערים האָבען געמאַכט אַן אויספאַרקויף פון די מאַשינען, בהמות, פוהרען און די אַלע אַנדערע טויטע און לעבעדיגע זאַכען פון דער ווירטשאַפט און אויסגעלאָזט האָט זיך עס דערמיט וואָס די פאַרמעגליכע פויערים פון אונזער דאָרף האָבען אַלעס אָפּגעקויפט פאַר אַ שיבוש, פאַר אַ שפּאָט ביליגער פּרייז. אינ׳ם גאַנצען דאָרף האָט זיך געפונען בלויז איין פויער, וואָס איז צום אויס-

פאַרקויף ניט געגאַנגען. „זאָל מען ניט טשעפּען דאָס וואָס איך פאַרמאָג, — האָט ער געזאָגט. — קיין פרעמדען פאַרמעגען וויל איך ניט."

נאָכ'ן אויספאַרקויף און נאָכדעם ווי מען האָט מיין ברודערס מאַיאָנטעק צוטהיילט, האָבען די פויערים באַשלאָסען צוצושיקען פאַר מיר יעדען מאָנאַט אַ פּוד מעהל. און איך וויים ניט פאַר וואָס דער גורל איז דוקא געפאַלען אויף מיר און ניט אויף די אַנדערע שוועסטער. מעגליך, אַז דאָס איז געווען דערפאַר וואָס זיי האָבען געוואוסט, אַז איך האָב זיך אָפּגעזאָגט פון דער ירושה, און מעגליך, אַז דאָס איז געווען דערפאַר וואָס נאָך דער רעוואָלוציע פון 1917, זיינען זיי שוין געווען מעהר אויפגעקלערט און געקוקט מיט אַנדערע אויגען אויף די מענשען, וועלכע האָבען נאָך מיט יאָהרען צוריק אָנגעפיהרט אַ קאַמף פאַר באַפרייאונג אין רוסלאַנד.

די באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט, וואָס די פויערים האָבען מיר אַרויסגעוויזען, האָט אויף מיר שטאַרק געווירקט און איך בין זיי ווירקליך געווען דאַנקבאַר דערפאַר. אין אָנפאַנג פון 1919 האָבען זיי טאַקי געבראַכט קיין קאַזאַן צוויי פּוד מעהל אַריבערצושיקען פאַר מיר, אָבער מעהר האָבען זיי ניט געשיקט, און ווי מען האָט מיר שפּעטער איבערגעגעבען, האָבען זיי דאַרויף געהאַט אַזאַ תירוץ:

„מיר האָבען גענוג אייגענע אָרימע לייט".

דאָס איז געווען ריכטיג אויך; אין דאָרף זיינען ווירקליך געווען גענוג אָרימע מענשען, וועלכע האָבען זיך גענויטיגט אַ סך מעהר ווי איך.

---

איבער דעם וואָס מען האָט נאַציאָנאַליזירט דעם מאַיאָנטעק, האָט זיך ביי אונז אין דער משפּחה אינגאַנצען איבערגעריסען די פאַרבינדונג מיט די ערטער, וואָס זיינען שטענדיג געווען אַזוי טייער און אונזער זכרון.

באַלד נאָך דעם איז געשטאָרבען מיין ברודער ניקאָלאַי; עס זיינען אויך געשטאָרבען מיינע שוועסטער, אָלגאַ און לידיאַ.

אָבער מיר איז נאָך אַלץ ליעב און טייער דאָס דאָרף, וואו איך בין געבאָרען געוואָרען, דאָס דאָרף, וואו איך בין אויסגעוואַקסען.

די יאָהרען זיינען געגאַנגען און געגאַנגען, עס איז אָנגעקומען דאָס זיבעטע יאָהר פון דער רעוואָלוציע. און מיט אַמאָל האָט מיך אָנגעהויבען נאָגען אַ שטאַרקע בענקעניש און איך האָב געפיהלט ווי עס ציהט מיך אַהין, אין יענעם ליעבען דערפעל, וואָס איז ביי מיר אַזוי טייער; איך וויל אָנקוקען די אַלע ערטער, וואָס דערמאָנען מיר מיינע קינדער יאָהרען; איך וועל זעהן די אַלע ווינקעלאַך, מיט וועלכע מיינע שעהנסטע זכרונות זיינען פאַרבונדען; איך וויל זעהן ווי מענשען לעבען דאָרט איצט. און איך בין פון מאָסקוואַ אַוועקגעפאָהרען אָנקוקען מיין אַלטע היים, וואו איך בין אַמאָל געווען יונג.

גאָר אַן אַנדער וועלט!

פאָהרענדיג דורך קאַזאַן און טעטיושי האָב איך באַזוכט דעם גאַנצען געגענד, וואָס טראָגט איצט דעם נאָמען „טאַטרעספּובליק" (טאַטערישע רעפּובליק); איך האָב אויך באַזוכט אונזער דאָרף ניקיפאָראָווא.

די אַלע יאָהרען וואָס איך בין געווען אָפּגעריסען פון דאָרטען, האָב איך זיך געפרעהט דערמיט וואָס די ערד האָט ענדליך געפונען איהר ריכטיגען בעל הבית.

די אַלע יאָהרען, וואָס איך בין פון דאָרטען געווען אַזוי ווייט, האָט מיר הנאה געטאָן וואָס די שטוב, וואו מיינע שוועסטער פלעגען וואוינען ניט מעהר ווי עטליכע מאָנאַטען אין יאָהר, בלויז זומער צייט, ווערט ענדליך באַנוצט פאַר זעהר אַ וויכטיגען צוועק — מען האָט פון איהר געמאַכט אַ פאָלקס־הויז.

אַ שטרעקע פון הונדערט און צעהן וויאָרסט האָב איך זיך געשלעפּט אויף אַ וואָגען מיט פערד און זיך געדרעהט אין דריי פאַרשיידענע ריכטונגען.

איך האָב דערזעהן די פעלדער.

אַ פרייד האָט אָנגעפילט מיין האַרץ ווען איך האָב דערזעהן ווי זיי זיינען באַדעקט מיט גרינס... אָבער באַלד איז די פרייד פאַרשטערט געוואָרען, ווייל איך האָב דערזעהן ווי עס ציהען זיך אַוועק לאַנקעס און לאָנקעס, וואָס זיינען אינגאַנצען ניט בעאַרבייט און אָנשטאָט תבואה, וואַקסט אויף זיי ווילדע גראָז...

און דאָס פאָלקס־הויז, וואָס איך האָב אַזוי געגאַרט צו זעהן אין דאָרף? קיין סימן נישטאָ פון דעם!... פון די ווענט איז קיין

זכר ניט געבליבען; מעהר ווי דעם פונדאמענט זעהט מען ניט:
אלע בוימער זיינען אויסגעהאקט — פוסט ארום און ארום...

א פאלקס הויז ביי אונז אין דארף, אין ניקיפאראווא!...

אזא שעהנע געביידע געווען! אין 1908 האט מיין ברודער זי אויסגעבויט פאר מיינע שוועסטער, זיי זאלען דארטען וואוינען איבער׳ן זומער. ביז׳ן הונגער־יאהר איז זי געווען א צענטער פון אויפקלערונגס ארבייט, און אט די געביידע האט דער „נארקאמ־זעם“ פארקויפט אויף געהילץ און די פויערים האבען זי צושלעפט שטיקלעכווייז און קיין זכר פון איהר ניט איבערגעלאזען!

פארקויפט האט מען זי אין מאנאט מארטש, אינ׳ם יאהר 1923, פאר איין מיליאן מיט פיער הונדערט טויזענט רובעל!

.... אך, ווען איך וואלט דאס געוואוסט!

# בריעף צו א. א. ספאַנדאָני

ניאָנאָקסאַ, אַרכאַנג. אויעזד
23טען יאַנואר, 1905.

טייערער אַפאַנאַסי אַפאַנאַסעוויטש. נעכטען אָוועגט האָב איך באַקומען אייער בריעף, אַדרעסירט צו מיין שוועסטער, און מיט עטליכע טעג צוריק האָט מיר אַשענברענער געשריבען, אַז איהר שיקט מיר אַ בריעף. יאַ! זעהר אַ יונגען בריעף האָט איהר מיר צוגעשיקט!... אין שליסעלבורג האָב איך די גאַנצע צייט געמיינט, אַז איהר זיינט שוין אַוועק פונ'ם לעבען... איהר זיינט דאָך אַלע מאָל געווען אַ קראַנקער און אויפ'ן פּראָצעס האָט איהר אויסגע־קוקט זעהר שלעכט, און איך האָב געמיינט, אַז מעהר וועל איך זיך שוין מיט אייך ניט טרעפען. און מיט אַמאָל — באַקום איך אַ בריעף פון אייך. מיר זיינען ביידע געבליבען לעבען. איך בין געקומען פון „יענער וועלט", ווייל נאָך אין 1902 האָב איך גע־דענקט, אַז מיין סוף איז שוין געקומען. איהר פרעהט זיך אַזוי אויפריכטיג דערמיט וואָס איך בין אַרויס פון־שליסעלבורגער פעס־טונג, און איהר שרייבט מיר אַזאַ וואַרימען, האַרציגען בריעף. פאַר מיר איז דאָס ווירקליך אַן איבעראַשונג, ווייל ווי מיר שיינט זיינט איהר קיינמאָל ניט געווען פון די, וואָס דריקען אויס אָפען זייער באַגייסטערונג...דערפאַר פאַלט מיר איין, אַז אָנשטאַט עלטער זיינט איהר גאָר געוואָרען יינגער! איך וואָלט אַזוי געוואָלט וויסען וואָס מיט אייך איז פאָרגעקומען נאָכ'ן פּראָצעס. אָבער איך פאַר־שטעה, אַז אייך איז איצט שווער צו שרייבען וואָס איהר האָט פון דאַן אַן איבערגעלעבט, פונקט ווי מיר איז שווער צו שרייבען וואָס איך האָב איבערגעלעבט „אויף יענער וועלט". איך וואָלט זיך זעהר געוואָלט זעהן מיט אייך, אָבער מיר מוזען דאָס אָפּלעגען אויף שפּעטער, ווייל די נערווען זיינען ביי מיר אַזוי צושרויפט, אַז עס איז מיר פשוט שווער צו ריידען מיט אַ מענשען. איך בין אָפּגעוואוינט געוואָרען פונ'ם לעבען, פון מענשען. פונקט ווי אַ

סך אַנדערע חברים, וואָס זיינען אַ לאַנגע צייט געווען פאַרשפּאַרט אין שליסעלבורגער פעסטונג, איז מיר שרעקליך שווער זיך צו־צופּאַסען צו די נייע אומשטענדען, צו די נייע איינדרוקען, און די גאַנצע פרייהייט מיינע האָט ביי מיר איצט אַ פּנים ווי אַן עפּעל, וואָס איז קונציג געמאַכט פון האָלץ; פון אויבען איז אַלעס שעהן און פיין; עס קוקט אויס ווי אַן אמת'ער עפּעל, אָבער ווען מען גיט אַ ביס, דערפיהלט מען, אַז עס איז גאָר האָלץ.

דאָ איז שרעקליך קאַלט, און ווען עס הויבט אָן בלאָזען אַ ווינט פאַלט אויף מיר אַ פּחד. אין דעם שטיבעל, וואו איך וואוין, פיהל איך זיך זעהר אונהיימליך; אַט איז דאָרט צו קאַלט און אַט איז דאָרט צו היים. איך האָב זיך שוין דריי מאָל פאַרקיהלט. פאַר די אַכט וואָכען וואָס איך בין דאָ, בין איך דריי וואָכען געווען קראַנק און פיער וואָכען האָב איך אין ערגיץ ניט געקענט געהן, וויל עס איז זעהר קאַלט און עס בלאָזט אַ שטאַרקער ווינט.

איהר בעט מיך, איך זאָל אייך שיקען מיינע אַ בילד, האָב איך ניט. נישטאָ קיין חשק זיך צו פאָטאָגראַפירען. מען זאָגט, אַז איך קוק אויס אַ סך יינגער ווי איך בין און אַז איך בין גאָר שעהנער געוואָרען. אָבער פאָטאָגראַפירען זיך וויל איך ניט. קיין טעלעגראַף איז דאָ נישטאָ, אָבער באַקומען אַ טעלעגראַמע קען מען דאָ. אייער טעלעגראַמע פון אדעס האָב איך אויך באַקומען אין צייט. גיט איבער אַ דאַנק די חברים פאַר די גרוסען, וואָס זיי האָבען מיר צוגעשיקט. אייך נעם איך פעסט אַרום און קוש אייך. איך וואָלט זעהר געוואָלט וויסען צי סאָפיע גריגאָריעוונאַ רובינשטיין לעבט נאָך? איך האָב זעהר מורא, אַז זי איז שוין געשטאָרבען. גיט איבער אַלע באַקאַנטע, אַז איך געדענק זיי און אַז איך ליעב נאָך איצט אויך די אַלע מענשען, מיט וועמען איך בין נאָך אין יענע צייטען געווען באַפריינדעט. איך באַקום אַ וועלט מיט בריעף פון קרובים און פון אַלטע פריינד. עס איז פאַר מיר פּשוט אונמעגליך צו ענטפערען אויף אַזוי פיעל בריעף.

איך בין ניט אַליין, אומיצער פון מיינע אייגענע איז אַלע מאָל מיט מיר, אָבער איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, איך בין גאָר ניט אַזוי שטאַרק צופרידען דערפון, וויל איך בין געוואוינט צו איינזאַמקייט.

פראָלענקאָ לעבט, אָבער ער איז ניט געזונט. צוויי וואָכען פאַר מיין אוועקפאָהרען איז ער געפאַלען אין חלשות. דאָס האַרץ

איז ביי איהם שוואך. ער איז דער בעסטער מענש אין דער וועלט
און דערצו איז ער נאך א גרויסער העלד.

וועראפיגנער.

---

איך האב שלעכט אויסגערעכענט און עס איז אויסגעקומען
אזוי׳ אז וועגען זיך האב איך געשריבען א סך און וועגען די חברים
כמעט גאר ניט. די אלע בריעף וואס מען האט געשיקט אויף מיין
אדרעס זיינען אנגעקומען. מיין בריעף איז ארויסגעקומען אביסעל
זויער, אבער איך קען זיך ניט העלפען. איהר פרעגט מיך צי
איך האב געקראגען א בריעף פון אנא פאוולאוונא קארבא. יא,
איך האב געקראגען.

---

15טען פעברואר, 1905.

טייערער אפאנאסי אפאנאסעוויטש. היינט האב איך גע־
קראגען אייער בריעף און איך ענטפער אייך גלייך, כאטש די
פאטשט וועט אוועקגעהן פרייטאג און היינט איז ערשט מאנטאג.
איך בין זעהר צופרידען וואס ניוטא*) וועט אין גיכען זיין אין
אדעס. ווען איהר וועט זי זעהן, זאלט איהר איהר איבערגעבען
א ווארימען גרוס פון מיר. זאגט איהר, אז איך פיהל, אז מיר ווע־
לען זיך נאך זעהן... אבער אך, אפאנאסי אפאנאסעוויטש, עס ווערט
שרעקליך טרויעריג אויפ׳ן הארצען ווען מען טרעפט זיך אויף דער
עלטער מיט א מענשען, וואס מען האט געקענט ווען מען איז נאך
געווען יונג! די ערשטע באגעגענישען מיט מיינע שוועסטער און
ברידער האבען מיר פארשאפט א סך יסורים, ווייל איך האב אין
געדאנק ניט געקענט צונויפבינדען די אמאליגע צייט מיט דער
היינטיגער. ווען מען צושיידט זיך מיט א מענשען, וואס איז איינ־
געבאקען אין הארצען, געדענקט מען דאך די גאנצע צייט ווי ער
האט אויסגעזעהן דאן ווען מען האט זיך מיט איהם געשיידט. און
ווען מען טרעפט זיך מיט איהם מיט א סך יאהרען שפעטער, דער־

---

*) אנא קארבא.

זעהט מען אז עס איז ניט דאס... דערפאר האב איך מיר איצטער געמאכט א כלל, אז איידער איך טרעף זיך מיט א מענשען, וועמען איך האב שוין עטליכע און צוואנציג יאהר ניט געזעהן, בעט איך איהם, אז ער זאל מיר פריהער צושיקען א פאטאגראפישע בילד פון זיך. דאן קוק איך זיך גוט צו צו דער בילד, לעב איבער פאר זיך די יסורים פון דעם וואס די צייט האט אזוי פיעל שטארקע ענדערונגען געמאכט, און דערנאך איז שוין לייכטער זיך צו טרעפען מיט דעם מענשען פערזענליך. איך אליין וואלט דאס אויך געהארפט טאן, ווייל איך בין דאך אויך געווארען אלט׳ אבער דאך טו איך דאס ניט, ווייל איך וויים, אז די מענשען, וואס זיינען ניט געוועזן פארשפארט אין טורמע אזוי לאנג, קוקען אנדערש דארויף וואס מען ווערט עלטער. יא, מיין פריינד, איך בין שוין איצט ניט מעהר יענע ווערא; איך בין שוין איצט צוויי און פופציג יאהר אלט; כאטש איך פיהל נאך אין זיך א סך ענערגיע און א סך לעבעדיגקייט און אלע זאגען, אז איך קוק אוים א סך אינגער.*)

אייער בריעף האט מיר פארשאפט יסורים. נאך די ערשטע בריעף, וואס איהר האט מיר געשריבען, איז ביי מיר געשאפען געווארען דער איינדרוק, אז איהר זיינט געזונט און פרעהלאך, און פון דעם לעצטען בריעף ווידער זעה איך גאר, אז, פונקט ווי פריהער, האט איהר איצט אויך טויזענט מיט איין קראנקהייטען און אז איהר פיהלט זיך נאך ערגער ווי פריהער. געשיקט זיך, אז אפילו דער קלימאט פונ׳ם דרום העלפט אייך ניט? מיין מיינונג איז, אז איהר וואלט ניט געדארפט לעבען אין שטאדט, נאר ערגעץ אין א דערפעל.

איהר ווילט וויסען וואס איך מאך? איך בין געזונט. א שטונדע אין טאג זעג איך האלץ מיט מיין פריינדין אלעקסאנדרא איוואנאוונא מאראז, דערנאך מאך איך איבערזעצונגען פון ענגליש. איך וויל לעבען פון מיין אייגענער ארבייט. ווי אן אמת׳ער פריינד נעם איך אייך ארום און דאנק אייך דערפאר וואס איהר באציהט זיך צו מיר אזוי גוט.

ו ו ע ר א   פ י ג נ ע ר.

---

*) דעם בריעף, ווי די לעזער זעהען, האט ווערא פיגנער געשריבען נאך מיט 20 יאהר צוריק.

וואסילי איוואנאוו'ן האב איך אנגעשריבען א בריעף און אלס ענטפער אויף איהם האט ער מיר צוגעשיקט א טעלעגראמע, פול מיט פרייד. די טעלעגראמע הויבט ער אן אזוי: „טויזענט מאל טייערע ווערא ניקאלאיעוונא."

זייט געזונט. יא, אגבי איך האב די גאנצע צייט געמיינט, אז אייער נאמען „מיכאאיל איוואנאוויטש" איז א ריכטיגער, און איך וועל אייך זאגען דעם אמת, אז דער נאמען „מיכאאיל" געפעלט מיר בעסער ווי „אפאנאסי"... דער נאמען „אפאנאסי" פאסט פאר א ווילדען מענשען.

---

23טען מארטש, 1905.

טייערער אפאנאסי אפאנאסעוויטש! אייער בריעף האט מיך שטארק צורודערט און איך מוז ווידער זיין פינקטליך און ענט־פערן באלד. וואס פאר א מענש זיינט איהר! געזונט פעהלט אייך, קיין געלט האט איהר ניט, קיין משפחה האט איהר ניט! עס פעהלט בלויז, אז איהר זאלט איצט חתונה האבען און עס זאל גראדע אויסקומען אזוי, אז די ווייב אייערע זאל זיין א שלאק, א צרה! מיר געפעלט דאס ניט. איהר מוזט זעהן ארויסקריכען פון דעם דלות, ווייל ווען מען האט ניט קיין געלט איז זעהר ביטער און מען העט ניט ווערען געזונט. זעהט, טרינקט „קומיס", אדער מאכט אליין פאר זיך „קעפיר"; דאס קאסט ניט טייער. באדט זיך אין ים, אייך וועט דאס א סך העלפען צום געזונט. עס וואלט אייך אויך ניט געשאדט זיך אפצוגיבען מיט פיזישער ארבייט כאטש איין שטונדע אין טאג. איך וועל אנשרייבען צו אנא קארבא, אז זי זאל אכטונג גיבען אויף אייך און זעהן, אז איהר זאלט זיין גע־זונט. אזא זאך קען א פרוי טאן בעסער ווי א מאן, ווייל איהר מענער זיינט אפילו אויף אזא זאך ניט פעהיג! (איהר הערט ווער־מער!). איהר שרייבט, אז איהר פיהלט זיך בעסער ווען איהר זיינט אין גאס, אדער צווישען מענשען — דאס גלויב איך אייך. יעדער נערוועזער מענש מיינט, אז ווען ער צושטרייט זיך, פיהלט ער זיך בעסער. אבער אין דער אמת'ן ווערען ביי איהם די נער־ווען דערפון נאך מעהר צושרויפט.

אויב מען וועט מיך אפשיקען צוריק אין קאזאנער גובערניע

און איך וועל וואוינען ביי מיינע אייגענע, וועל איך שוין זעהן, אז איהר זאָלט קומען צו מיר אזוי שנעל ווי די נערוועז וועלען ביי מיר זיין רוהיגער. דאן וועל איך אייך שטאָפּען מיט זון, מיט לופט און מיט וואסער. איך וועל אייך פּשוט צווינגען צו עסען יעדען טאָג אייער און סמעטענע און נאָך מיטאג וועט איהר ביי מיר מוזען געהן שלאָפען א פּאָר שטונדען.

נו, זייט געזונט. איך דריק אייער האנט.

ו ו ע ר א.

---

כריסטאָפּאָראָווקאָ,

דעם 14טען אויגוסט, 1905.

טייערער אַפאַנאַסי אַפאַנאַסעוויטש! אומזיסט האָט איהר גע־מיינט, אז איך בין ארויסגעפאָהרען פון ניאָנאָקסא, ניט מעלדענדיג וועגען דעם מיינע פריינד און די אַלע מענשען, מיט וועמען איך שרייב זיך איבער. איידער מען האָט מיך פון ארכאנגעלסקער גו־בערניע אַפּגעשיקט אַהיים, האָב איך אָנגעשריבען א וועלט מיט בריעף אין אַלע עקען פון רוסלאַנד. אָבער, ווי עס שיינט, איז מיין בריעף צו אייך ניט אָנגעקומען. דעם זעלבען מזל האָט אויך געהאַט דער בריעף, וואָס איך האָב געשיקט צו אַנאַ קאָרבאָ. קיין באַ־זונדער וויכטיגע זאַכען זיינען אין די בריעף ניט געווען, איך האָב בלויז ניוטאַ'ן געזאָגט אַביסעל מוסר פאַר וואָס זי שרייבט מיר אַזעלכע ניט אינטערעסאַנטע בריעף.

אין דער צייטונג „פּראַווא“ האָב איך געלעזען, אז מען האָט אייך פאַרשיקט אין די וויטע צפון'דיגע געגענדען. ווען איך האָב דאָס איבערגעלעזען, האָב איך געוואָלט לאַכען. עס איז ווירקליך א מאָדנע איראָניע פון שיקזאַל! איהר האָט זיך די גאַנצע צייט געריסען צו מיר קיין ניאָנאָקסא, און ווען איהר זיינט שוין געווען ניט וויִיט, בין איך פון דאָרטען אוועקגעפאָהרען.

זינט דעם „פּאַטיאָמקין“־אויפשטאַנד האָב איך זיך ניט אויפ־געהערט זאָרגען וועגען אייך און וועגען אַניוטאַ'ן (קאָרבאָ). איך האָב אַלץ געדענקט, אז איהר וועט אויך אריינפאַלען אין דעם.

ווי אזוי האָט איהר זיך איינגעאָרדענט אין וואָלאָגדאָ? דאָר־טען זיינען פאַראַן א סך פאַרשיקטע און איך בין זיכער, אז עס וועט

קיין סך ניט געדויערן און איהר וועט זיך דארטען פיהלען ווי אין אן אייגענער משפחה. עס וועט אייך מעהר ניט זיין אומעטיג.

איהר פרעגט ווי אזוי איך פיהל זיך איצט אין דער היים? עס איז מיר ניט גוט. דער טומעל ארום און ארום און די געזעלשאפט ווירקען אויף מיר זעהר שלעכט... זינט איך בין ארויס פון שליסעל־בורגער פעסטונג, פיהל איך, אז דער מוח איז ביי מיר שרעקליך מיעד. עס איז מיר שווער צו לייענען ערנסטע, טרוקענע ביכער. איך ווער מיעד און קען ניט געדענקען וואס איך לייען. איך פיהל זיך דא ווי א שעפעלע אהן א טשערעדע. אין דער שליסעלבורגער פעסטונג האב איך זיך געפיהלט צווישען חברים, צווישען אייגענע; אויך אין ניאנאסקא בין איך ניט געווען עלענד, ווייל איך האב געפיהלט, אז איך בין ארומגערינגעלט פון חברים. דא אבער איז אנדערש.

איך וואלט שוין אזוי געוואלט, אז מען זאל מיר גיבען די ערלויבעניש צו פאהרען וואוהין איך וויל. מיר דוכט זיך, אז דאן וואלט איך זיך געלאזט וואנדערן איבער דער וועלט, אבער אזוי, אז קיינער זאל ניט וויסען ווער איך בין. אזוי וואלט איך גע־וואנדערט א לאנגע צייט ביז איך וואלט ווידער באקומען חשק צו זיין צווישען מענשען און ריידען מיט זיי. איצט האב איך קיין חשק ניט צו זיין נאהענט מיט מענשען. איך האב אויך קיין חשק ניט צו שרייבען מיינע מעמוארען, כאטש מען האלט מיר אין איין זאגען, אז איך זאל זיך יא אוועקזעצען שרייבען. איך ווינש אייך אל דאס גוטס. גיט איבער א גרוס אלע חברים.

ו ו ע ר א.

---

2טען סעפטעמבער, 1905.

געקראגען אייער בריעף פונ'ם 24טען אויגוסט. ווי איך זעה זיינט איהר, טייערער אפאנאסי אפאנעסעוויטש, ווידער אריין אין קעלבערנע התפעלות (ענטשולדיגט מיר פאר'ן אויסדרוק). אבער פונדעסטוועגען איז דאס א סך בעסער ווי אומעט. אבער איך בעט אייך, טוט מיר א טובה און דערצעהלט מיר ניט קיין מעשיות ווע־גען דעם ווי אזוי די חברים אינטערעסירען זיך מיט מיר. איך פארזיכער אייך, אז עס ווערט מיר שווער אויפ'ן קאפ פון דעם. וואס ווילט איהר פון מיר? אז איך קען זיך פארט ניט אוועקשטע־

לען אויף דער הויכער מדרגה פון אן „אינטערעסאנטען" מענשען. דאס איז אן ארבייט פאר אונזער מיניסטער יולי סערגעיעוויטש וויטע — ער קען דאס, אבער איך ניט. פארקערט, איך פיהל, אז איך בין זעהר ניט קיין אינטערעסאנטער מענש און עס קומט מיר אן שווער צו זיצען אין א געזעלשאפט און אונטערהאלטען א געשפרעך. דאס מוטשעט מיך זעהר שטארק, ווייל עס איז פאר מיר דער בעסטער באווייז, אז איך בין נאך אלץ ניט א י ך.

דער אמת איז, אז עס פעהלט מיר איצט ענערגיע און דאריבער וויל איך זיך ניט טרעפען מיט מיינע אלטע פריינד אין אזא צושטאנד. דערפאר טאקע וואלט איך זיך מיט אייך אויך ניט געוואלט טרעפען. איך מוז קומען צו די כוחות. אבער איך ווייס אליין ניט ווי אזוי. איך האב איצט ניט קיין באשטימטען ציעל אין לעבען, אדער אפשר פיהל איך זיך אזוי נידערגעשלאגען דערפאר וואס איך בין ניט געזונט. ניט איין מאל פאלט מיר איין, אז אין טורמע איז מיר שוין געווען בעסער ווי עס איז מיר אצינד.

יא, איך זאג אייך גאנץ אפען, אז איך וואלט ניט געוואלט, אז איהר זאלט מיך איצט זעהן, און ווען איהר וואלט יא געקומען אויף א פאר טעג, וואלט איך אייך זיכער אפגענארט און וואלט זיך קונציג געהאלטען אזוי, אז איהר וואלט בשום אופן ניט געקענט דערקענען ווי שלעכט מיר איז אויפ'ן הארצען און ווי ניט גוט איך פיהל זיך.

אפילו דאס שרייבען בריעף קומט מיר אן שווער און איך מוז אייך זאגען, אז מעהר ווי איין מאל א חודש קען איך אייך ניט שרייבען. דאס גאנצע ביסעל ענערגיע וואס איך פארמאג נאך, געהט ביי מיר אוועק אויף די בריעף. ניט לאנג צוריק האב איך אין שפאס טאקע געזאגט צו מיינע שוועסטער, אז איך האב זעהר מורא, אז אויב איך וועל אין גיכען שטארבען, וועלען די בריעף זיין שולדיג אין דעם.

ווען איהר וואלט צו מיר געקומען, וואלט איך אייך געמוזט דערצעהלען אלעס וואס איך האב איבערגעלעבט, און דאס האט מיר שוין שרעקליך דערעסען, ווייל די אלע מענשען, מיט וועמען איך טרעף זיך, ווילען וויסען דאס זעלבע. איך וויל קיינעם גארניט דערצעהלען, איך וויל זיין מיט זיך אליין; איך וויל שפאצירען איבער די גרינע פעלדער, קוקען אויף דער ווייטקייט און וויינען.

איך דענק, אז דאס איז „בלוטארימקייט,“ ווי נאוואראסקי האט זיך איינמאל אויסגעדריקט וועגען מיינער א טרויעריגער ליעד. אדער אפשר איז דאס דערפאר וואס איך בין שוין מעהר ניט פעהיג צו לעבען אזוי ווי אנדערע מענשען לעבען.

איהר ווילט אלץ מיינע א בילד. קריגט א קאפיע פון דער בילד, וואו מען האט מיך פאטאגראפירט מיט א גאנצער גרופע פארשיקטע אין ארכאנגעלסק. עס איז ארויסגעקומען נישט קשה. שרייבט אז א בריוועלע קיין ארכאנגעלסק, וועט מען אייך צו־שיקען אזא בילד.

זייט ניט בייז אויף מיר דערפאר וואס מיין בריעף איז אזוי זויער. שרייבט וואס אפטער אוןווארט ניט אויף קיין ענטפער.

**וועראַ.**

---

דעם 26טען סעפטעמבער, 1905.

שוין דריי מאל אנגעפאנגען שרייבען און — עס געהט נים. עפעס א טומעל ביי מיר אין קאפ. ניט נאר ביים שרייבען, נאר אויך ביים ריידען טרעפט זיך אזוי ביי מיר די לעצטע צייט. איך הויב אן ריידען און פיהל ווי די ווערטער קלעפען זיך עפעס נים, און דאס איז פאר מיר דער בעסטער באווייז, אז עס איז בעסער צו שווייגען.

איהר ווייסט, טייערער אפאנאסי אפאנאסעוויטש, עס איז אזוי גוט וואס אין רוסלאנד האבען די לעצטע צייט גענומען בלאזען נייע ווינטען און עס פיהלט זיך דאס אנקומען פון א נייער צייט! מיר זיינען מעהר ניט אליין... ניט אזוי ווי אין 1884...

עס איז אויך גוט וואס אין דרויסען שיינט די זון אזוי העל און עס איז א פארגעניגען צו שפאצירען. מיר דוכט זיך, אז ווען איך קען נאר וואלט איך אזוי געהאלטען אין איין שפאצירען, אלץ ווייטער און ווייטער. איך האב נאר מורא׳ איך זאל אויפ׳ן וועג ניט טרעפען קיין מענשען. אבער דארויף האב איך אויך א מיטעל — איך האב א גרויסען הונט. „לוטשעק“ הייסט ער, און כאטש ער טשעפעט ניט קיינעם, האט מען דאך מורא צוצו־געהן צו מיר. א טייערער הונט! ער פארשאפט מיר ווירקליך א סך פארגעניגען!

מיט עטליכע טעג צוריק בין איך אוועקגעפאָהרען קיין ני־קיפאָראָווא און דאָרטען האָב איך פאַרזעצט בוימלאַך. מיר געפעלט זעהר דער געדאַנק, אז יעדער מענש דאַרף ניט נאָר מאַכען שעהנער און בעסער זיין לעבען, נאָר ער דאַרף אויך אויספּוצען די ערד. אין איינעם פון באַלזאַק׳ס ראָמאַנען ווערט דערצעהלט ווי אַ גלח האָט איינמאָל געזאָגט צו אַ מענשען, וואָס איז ניט געווען צופרידען פון׳ם לעבען: „נעמט אָט דאָס שטיקעל ערד, וואָס איז ניט בע־אַרבייט, — האָט ער איהם געזאָגט, — און מאַכט דערפון אַ גאָרטען“... און טשעכאָוו, אין איינער פון זיינע ערצעהלונגען, כאַ־ראַכטעריזירענדיג די נישטיגקייט פון אַ געוויסען מענשען, זאָגט אַזוי: „ער האָט בלויז גענומען פון׳ם לעבען און גאָרניט גע־געבען; ער האָט ניט געטאָן קיין איין גוטע זאַך און קיינמאָל ניט פאַרפלאַנצט קיין איין בוימעל.“

ווען איך האָב איבערגעלעזען אָט די שטעלען ביי באַלזאַק׳ן און ביי טשעכאָוו׳ן, זיינען זיי מיר שטאַרק געפעלען געוואָרען און איך האָב זיך פאַרטראַכט: אפשר וואָלט איך זיך אויך גענומען אויספּוצען די ערד? און באַלד האָב איך זיך טאַקע אַ נעם געטאָן צו דער אַרבייט און איינגעפלאַנצט 27 בעראָזקעלאַך אויף דעם בית־עלמין, וואו עס איז כמעט ניטאָ קיין גרינס. בלויז אין דעם ווינקעל, וואו עס שלאָפט מיין מאַמע, מיין טאַטע, די ניאַניאַ און נאָך אייניגע אונזערע קרובים וואַקסען דריי בעראָזעס שוין 35 יאָהר. פאַר דער צייט וואָס איך בין ניט געווען, זיינען זיי זיך שוין צוזאַמענגעוואַקסען, אַז עס איז פּשוט אַ פאַרגעניגען צו קוקען אויף זיי.

צו ביסלאַך וועל איך דאָרטען אַרום פאַרקען איינפלאַנצען נאָך בוימלאַך, כדי עס זאָל זיין שעהן און שאָטענדיג. איהר, אַלס אַ שטאָדטישער מענש, וועט אפשר קוקען דאַרויף מאָדנע, ווי עס קוקען געוועהנליך שטאָדטישע מענשען אויף סענטימענטען. אָבער — אַזוי איז דאָס. איך האָב ליעב מיין הונט און איך האָב ליעב בוימער! איך דריק אייער האַנט.

**וועראַ פיגנער.**

יאָ, זומער בין איך אַלט געוואָרען 53 יאָהר. עס טוט מיר באַנג פאַרוואָס ניט 73 יאָהר. ווען אַ גוטער מענש גרייכט די עלטער פון 73 יאָהר איז ער איינפאַך וואונדערבאר און צויבערליך.

איך בעט אייך, זייט ניט פאַרזאָרגט. אַלעס אין לעבען האָט אַ סוף, און אייערע צרות וועלען אויך האָבען אַ סוף.

---

דעם 11טען נאָוועמבער, 1905.

טייערער אַפאַנאַסי אַפאַנאַסעוויטש, אייער בריעף פון'ם צווייטען נאָוועמבער האָב איך געקראָגען. איך בין ברוגז אויף אייך פאַרוואָס איהר האָט מיר אַזאַ לאַנגע צייט ניט געשריבען. פון מיכאַאיל אַשענברענער האָב איך אויך שוין לאַנג קיין בריעף ניט געקראָגען. איך ווייס נאָר, אַז ווען פאַנקראַטאָוו איז פאַרביי־געפאָהרען ניזשני־נאָווגאָראָד, האָט ער זיך געקליבען צו פאָהרען צו איהם קיין סמאָלענסק. אַזוי האָט ער מיר געשריבען. וועגען די חברים, מיט וועמען איך בין צוזאַמען געווען פאַרשפאַרט אין שליסעלבורגער פעסטונג, קען איך אייך איצט קיין באַזונדערע נייעס ניט מעלדען. מיין שוועסטער לידיאַ האָט זיך געוואָלט זעהן מיט נאָוואָרוסקי'ן און מיין שוועסטער אָלגאַ — מיט לוקאַשעוויטש'ן. ווי עס שיינט, וועט זיך עס זיי איינגעבען און עס איז פאַראַן אַ האָפענונג, אַז זיי וועלען זיך אַלע צופאָהרען אַהיים. אָבער, איך בין זיך מודה ומתודה, אַז איך בין זיי ניט מקנא, ווייל פון זיך ווייס איך, אַז ווען מען קומט אַהיים האָט מען ווייניג נחת, ספּעציעל נאָך אויב די היים איז אַזוי ווילד ווי מיינע.

איך לעב דאָ אין אַ בורזשואַזנער אַטמאָספער, וואו מען פיהלט ניט אפילו קיין סימן פון דער חבר'שאַפט, צו וועלכער איך בין פון תמיד אָן געוואוינט געוואָרען... דאָס איז אַ פינסטערער המון, וואָס איז דורך און דורך מאָנאַרכיסטיש געשטימט. „דאָס איינציגע וואָס מיר פאַרלאַנגען איז ערד; מעהר דאַרפען מיר גאָרניט!" — אַזוי זאָגען דאָ די פויערים. אין אַזאַ סביבה פיהלט זיך אַ מענש נאָך ערגער ווי אין טורמע. ווען איך וואָלט נאָר געווען געזונט, וואָלט איך דאָ קיין איין שטונדע ניט געבליבען.

איך נעם אייך אַרום און ווינש אייך אַל דאָס גוטס.

ווערא פיגנער.

ניזשני־נאָוואָגאָראָד,

דעם 22טען מאַרטש, 1906.

טייערער אַפאַנאַסי אַפאַנאַסעוויטש, אַניוטאַ איז געקומען אהער. זי האָט מיר געגעבען איבערלייענען אייער בריעף פון שפּי־טאָל און דאָס האָט מיך שטאַרק צורודערט. איך בעט אייך, באַ־רוהיגט זיך. שיקט מיר צו אייער בילד. אין גיכען וועל איך אייך צושיקען מיין בילד אויך.

ביסלעכוויין וועל איך אריינגעצויגען אין ליטעראַרישער אַר־בייט. איך וויל זעהר אוועקוואַרפען די איבערזעצונגען; מען באַ־צאָהלט פאַר זיי זעהר ווייניג און אַרבייטען דאַרף מען אויף זיי אַ סך.

עס איז שוין דריי חדשים זינט איך בין אין ניזשני־נאָווגאָראָד. איך וואוין ביי די סאַזשינס און בין זעהר צופרידען. איך האָב אַ מעגליכקייט צו אַרבייטען און די געזעלשאַפט פון מענשען איז מיר שוין ניט אזוי שווער איבערצוטראָגען.

וולאַדימיר בורצעוו האָט אונז אַלעמען צוטרייסעלט. דער מענש האָט פשוט גענומען אַ שטעקען און ער שלאָגט פון אונז אַרוים דעם שטויב פון אַרכיוועז! אַז אמת'ער רויב־פויגעל איז ער, דער וולאַדימיר בורצעוו! האָט זיך אַרויפגעוואָרפען אויף אונז אַלטע לייט און שאַנעוועט גאָר ניט דאָס ביסעל כח, וואָס ס'איז אונז נאָך געבליבען נאָך אזוי פיעל יאָהרען אין שליסעלבורגער פעסטונג. ער וויל פון גאָרניט וויסען — זעץ זיך אוועק און שרייב מעמואַרען! דערצעהל וואָס דו האָסט איבערגעלעבט אין פאַרלויף פון די אַלע יאָהרען!

אגב, געדענקט איהר אפשר דעם דאַטום ווען מיכיאַלאָווסקי איז געקומען צו מיר קיין כאַרקאָוו פאַרהאַנדלען וועגען דעם, אַז די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" זאָל ביז דער קרוינונג פון אַלעקסאַנדער דעם דריטען אָפּשטעלען איהר טעראָריסטישע טעטיגקייט און דאַן וועט די רעגיערונג גיבען אַמנעסטיע און נאָך און נאָך גליקען? אויב איהר געדענקט, שרייבט מיר וועגען דעם.

איך קוש אייך שטאַרק און בעט אייך, אַז איהר זאָלט גוט אַכטונג גיבען אויף זיך.

וועראַ.

דעם 31טען מאַרטש, 1906.

טייערער אַפאַנאַסי אַפאַנאַסעוויטש, זייט ניט ברוגז אויף מיר פאַרוואָס איך האָב אייך ניט ערלויבט צו קומען צו מיר אין אָק־טאָבער. גלויבט מיר, אַז איך האָב זיך דאַן געפיהלט זעהר שלעכט. איצט פיהל איך זיך שוין בעסער.

איך פאַרזיכער אייך, אַז איהר וועט ניט שטאַרבען איידער איהר זעהט זיך מיט מיר. דאָס איז אַבסאָלוט אונמעגליך. וואָס קען מען טאָן, אַז עס דרעהט זיך אַלץ אוים אַזוי, אַז איך בין ניט געזונט! ווי קען מען זיך וויזען פאַר פריינד ווען מען איז קראַנק און צובראָכען!...

שרייבט אָפט. אָבער אום גאָטעס ווילען, שרייבט קלאָרער! ווי האָט דאָס אַ מענש אַזאַ שלעכטע האַנדשריפט!

איהר ווילט וויסען ווי איך לעב? ניט אַזוי גוואַלדיג אינטע־רעסאַנט! איך גיב זיך אָפ מיט ליטעראַרישער אַרבייט, קוריר זיך, ווער מיעד פון שפּאַצירען, באַקאַנטע זעהר ווייניג; אין אַל־געמיין — לאַנגווייליג. אַריינרוקען די נאָז צו דער יונגוואַרג איז מיר נאָך ביז איצט ניט אויסגעקומען; איך האָב אַלץ מורא, אַז איך וועל באַלד מיעד ווערען; די עלטערע לייט האָבען זיך פאַר־רוקט אין אַ ווינקעל — לאַנגווייליג.

אָפט מאָל פאַלט מיר איין, אַז ווען מען קען אַליין ניט שאַפען עפּעס אַרום זיך, ווען מען קען אַליין ניט זיין טעטיג, דאַרף מען ניט פאַרלאַנגען, אַז אַנדערע זאָלען אַרום דיר שאַפען אַן אַטמאָ־ספערע פון טעטיגקייט! אָבער פונדעסטוועגען דוכט זיך מיר פאַרט, אַז אין אַן אַטמאָספערע פון יונגע, טעטיגע מענשען, וואָלט איך פאַרגעסען מיין אייגענע מיעדקייט און איך וואָלט אויך אַריינגע־צויגען געוואָרען אין קאַן...

איצט האָב איך באַשלאָסען צו שרייבען פאַר זיך. ניט פון שורה און ניט פאַר קיין פאַרלאַג. איך וויל ניט, אַז מען זאָל מיך יאָגען. אויב עס וועט אַרויסקומען גוט דאָס וואָס איך וועל אָנ־שרייבען, וועל איך אַרויסגעבען אַ בוך און דאַן וועל איך וויסען, אַז איך האָב עפּעס אויפגעטאָן. דאַרויף מוז איך אָבער האָבען אַ סך צייט. אַ יאָהר, אויב ניט מעהר...

סינעגוב איז איצט ביי אונז. ער קלייבט זיך פאָהרען קיין מאָסקווא. פון סיביר האָט מען איהם אַרויסגעשיקט אין 48 שטונדען.

איך נעם אייך אַרום און בעט אייך ווידער, אַז איהר זאָלט גוט אַכטונג גיבען אויף זיך און פאַרטרייבען די זאָרגען!

וועראַ.

---

דעם 13טען אַפּריל, 1906.

טייערער אַפאַנאַסי אַפאַנאַסעוויטש. מיר איז געוואָרען אומעטיג, ליעבער פריינד מיינער, ווען איך האָב איבערגעלעזען אייער בריעף. שרעקליך אומעטיג, דערפאַר וואָס איהר זיינט אַלץ קראַנק.

איהר פרעגט מיך וואָס איך וועל שרייבען פאַר דער „בילאָיע“?

— גאָרנישט. מיר געפעלט בכלל ניט דער עסק צו שרייבען פון שורה. די שטימונג ווערט ביי מיר אַ שלעכטע איבער דעם און איך הויב זיך אָן פיהלען זעהר שלעכט. איך האָב באַשלאָסען צו שרייבען צו בילאַך פאַר זיך און דערנאָך אַרויסגיבען אַ בוך. איך קען זיך ניט צוּוואַרפען און איך וויל ניט זיין קיין פערד, וואָס מען טרייבט אָן. איך קען דאָס ניט. איך האָב פופציג רובעל אַ חודש פון מיין ברודער (לויט מיין מאַמעס צוואָה), אַזוי אַז גאָר שטאַרק נויטיגען נויטיג איך זיך ניט, כאָטש איך וואָלט געוואָלט פאַרדיענען געלט, כדי ניט צו זיין קיין אומזיסטיגע פרעסעריו און האָבען די מעגליכקייט מעהר צו העלפען די נויטליידענדע.

איך בין זעהר צופרידען וואָס ס'געפעלט אייך ווי אַזוי איך האָב אָנגעשריבען די ביאָגראַפיע פון לודמילאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ וואָלקענשטיין. אין גיכען וועט די ביאָגראַפיע ערשיינען אין אַ באַזונדער ביכעל און דאַן וועל איך מאַכען אַ ביסעל געלט, און דאָס וועט מיר גיבען די מעגליכקייט צו העלפען מעהר די וואָס מען דאַרף העלפען.

איהר פרעגט מיך, טייערער אַפאַנאַסי אַפאַנאַסעוויטש, וועגען דעגאַיעוו'ן. דאַן האָב איך גאָר ניט חושד געווען און איך האָב זיך צו איהם באַצויגען ווי צו אַ פריינד, ווי צו אַ ברודער... ערשט אין טורמע, אַ יאָהר נאָך דעם ווי מען האָט מיך אַרעסטירט, האָב איך אויסגעפונען וואָס פאַר אַ ראָלע ער האָט געשפּיעלט. דאָס איז געווען דאַן ווען מען האָט מיר געוויזען אַ גאַנצען פּאַק מיט מסירות, וואָס ער האָט צוגעשטעלט. איך קען וועגען דעם ניט ריידען און איך קען וועגען דעם ניט שרייבען. און אַלע מאָל, ווען איך דערמאָן זיך דאָס, גיסען זיך מיר טרערען פון די אויגען און איך ווער אַזוי

נערוועז, אז דער מינדסטער שאָרך וואַרפט אויף מיר ארויף א פחד
און איך הויב אָן קוויטשען...

נו, זייט געזונט. איך האָף, אז אין דאַרף, אויב איהר וועט
נאָר וואוינען ביי גוטע מענשען, וועט איהר זיך פיהלען א סך
בעסער. איך ווינש אייך אַל דאָס גוטס און קוש אייך.

וועראַ פיגנער.

---

דעם 4טען יוני, 1906.

טייערער אפאנאסי אפאנאסעוויטש. איהר ווילט וויסען מעהר
איינצעלהייטען וועגען דעם פייער, וואָס איז ביי אונז געווען? דאָס
אַלטע הויז איז אינגאַנצען פארברענט געוואָרען. מען האָט פון
דאָרטען גאָרניט ארויסגעראַטעוועט און מיר טוט אזוי באַנג נאָך
די ביכער מיט די ריהרענדע אויפשריפטען פון די מחברים. מיינע
שוועסטער האָבען אויך געהאַט זעהר א סך ביכער, און זיי זיינען
אויך אַלע פאַרברענט געוואָרען. עס קען זיין, אז איך האָב געטאָן
א גרויסע נאַרישקייט, וואָס איך בין אַליין ניט געגאַנגען צו דער
שרפה. דער משרת אונזערער האָט זיך אינגאַנצען פאַרלאָרען און
ניט געוואוסט וואָס פריהער צו טאָן, און איך האָב מורא געהאַט
צו געהן, ווייל מיר האָט זיך אַלץ אויסגעוויזען, אז ווען איך וועל
זיין צווישען אזוי פיעל מענשען, וועט מען מיך צוטרעטען. מען
האָט קיין זאַך ניט ארויסגעראַטעוועט. אפילו די פיאַנאָ איז אויך
פאַרברענט געוואָרען.

איצט שיק איך אייך צו מיינע א בילד, וואָס איז ארויסגע־
קומען ניט שלעכט. איהר זאָלט אָבער וויסען, אז אויף דער בילד
בין איך שעהנער ווי אין דער ווירקליכקייט; אויפ'ן פנים האָב
איך א סך מעהר קנייטשען ווי די בילד צייגט.

מיינע געזאַמעלטע לידער זיינען שוין ערשיענען אין א בוך.
איך שיק אייך דעם בוך צוזאַמען מיט'ן בילד.

אייער ארטיקעל אין „בילאָיע" האָב איך נאָך ניט געלעזען.
אין ניזשני־נאָווגאָראָד פאַרקויפט מען די בילדער פון די וואָס זיי־
נען געווען פאַרשפאַרט אין שליסעלבורגער פעסטונג. איך דענק,
אז אין אדעס וועט איהר זיי אויך קענען קריגען.

אזוי ווי איך בין איצטער ווייט פון דער ציוויליזאַציע, איז

פאַר מיר שווער אַרויסצושיקען פאַר אייך די בילדער פון די וואָס זיינען געווען פאַרשפּאַרט אין שליסעלבורג. קויפט זיי אליין. איך שיק אייך דרייסיג רובעל; 25 אויף רעצעפּטען און אויף מילך — און איהר זאָלט ניט ווערען בייז אויף מיר דערפאַר (אויב ניט וועל איך אָפּנעמען צוריק די בילד), און 5 רובעל צו קויפען די בילדער פון אונזערע חברים.

און איצט ערלויבט מיר אייך אַרומצונעמען און אייך גיבען אַ קוש.

וועראַ.

---

ניזשני-נאָווגאָראָד,

דעם 18טען אויגוסט, 1906.

טייערער אַפּאַנאַסי אַפּאַנאַסעוויטש, די צייטונגען האָבען גע־מעלדעט וועגען מיין קומען צו פריה. איך בין געקומען קיין ניזשני־נאָווגאָראָד ערשט היינט און איך האָף, אַז דאָ וועל איך ענדליך הערען מיין ברודער זינגען, ווייל ער טרעט דאָ אויף אין דער אָפּערא. איך האָב איהם נאָך קיינמאָל ניט געהערט זינגען און איך האָב איהם נאָך קיינמאָל ניט געזעהן אויף דער ביהנע.

איך בעט אייך, איהר זאָלט מיר ענטשולדיגען פאַרוואָס איך שרייב אייך אַזוי זעלטען. דאָס איז שוין ביי מיר אַן אַלטער חסרון — איך קען ניט שרייבען צו אָפט.

איצט פיהל איך זיך שוין אַ סך בעסער ווי אין די ערשטע דריטהאַלבען יאָהר. די שטימונג איז ביי מיר שוין מעהר ניט אַזאַ געדריקטע ווי פריהער.

שרייבען אַ סך קען איך איצט ניט, ווייל איך בין מיעד פונ'ם וועג. איך מוז געהן שלאָפען.

זייט געזונט און ערלויבט מיר אייך אַ קוש צו טאָן.

וועראַ.

---

דעם 21טען סעפּטעמבער, 1906.

פאַרוואָס האָט איהר מיר אַזאַ לאַנגע צייט ניט געשריבען? לאָזט מיר וויסען ווי אַזוי איהר פיהלט זיך.

איך וואָלט שוין געוואָלט אַנטלויפען פון ניזשני־נאָווגאָראָד,

און מיין ברודער סטארעט זיך ארויסצוקריגען פאר מיר אן אויס־לענדישען פאספארט. אויב דאס וועט זיך איהם איינגעבען, וועל איך אוועקפאהרען אויף עטליכע מאנאטען מיט מיין פריינדין אלעק־סאנדרא איוואנאוונא מאראז.

איצט איז דא אסיען. עס איז קאלט, נאס און מען קען אין ערגעץ ניט געהן. דערצו איז נאך די וואוינונג ביי מיין שוועסטער זעהר א טומעלדיגע און דאס ווירקט שלעכט אויף מיינע נערוועז.

פאר דער זאמלונג „די גאלעריע פון די וואס זיינען געוועזן פארשפארט אין שליסעלבורגער פעסטונג" האב איך אנגעשריבען די ביאגראפיעס פון מיינע חברים: פראלענקא, אנטאנאוו, לוקא־שעוויטש, מאראזאוו, נאווארוסקי און פאכיטאנאוו. יאקובאוויטש'ן געפעלט דאס.

. ו ו ע ר א.

---

דעם 7טען אקטאבער, 1906.

טייערער אפאנאסי אפאנאסעוויטש. איך האב געקראגען אייער בריעף, און ווען איך האב איהם איבערגעלעזען, האב איך זיך אזש צואויינט. וואס וועט ווערען דערפון וואס איהר זיינט אלץ קראנק?! אפשר קענט איהר דאך אוועקפאהרען אין די דרום'דיגע געגענדען? שעהמט זיך ניט און שרייבט מיר דעם אמת, צי איהר האט געלט דארויף. שרייבט מיר אויך ביי וועמען איהר וואוינט. וואס פאר מענשען זיינען זיי און צי גיבען זיי אכטונג אויף אייך? מען האט מיר איבערגעגעבען, אז אין דער פריהערדיגער וואוינונג האט איהר ניט געהאט קיין זעהר גוטע באקוועמליכקייטען. און ווי איז אין דער נייער וואוינונג? פארגעסט ניט, אז אייך דארף מען אפהיטען, אויף אייך דארף מען אכטונג גיבען, און געזונטע מענשען האבען א טבע ניט צו פארשטעהן די קראנקע...

איך וואלט זעהר געוואלט אוועקפאהרען קיין אויסלאנד, אבער, ווי עס שיינט, וועט זיך דאס מיר ניט איינגעבען. מיין ברודער ניקאלאי האט וועגען דעם אוועקגעשיקט א בקשה צום מיניסטער פון אינערליכע אנגעלעגענהייטען און אויך אין יוסטיץ־מיניסטע־ריום. אבער עס געהט עפעס זעהר שווערלאך; מען זאגט, אז אזא ערלויבעניש פאר מיר קען גיבען בלויז דער צאר אליין. און דאס איז ווירקליך זעהר מאדנע; פאר־א־יאהרען האט מען גע־

וואלט, אז איך זאל אוועקפאהרען קיין אויסלאנד, און איצטער לאזט מען מיך ניט.

דא איז מיר זעהר אומעטיג. עס קומט מיר אלץ ניט אויס זיך צו טרעפען מיט אינטערעסאנטע מענשען. דא ניט לאנג צוריק איז ביי מיר געוועזן דער אדוואקאט מאנדעלשטאם; ער איז דא פאר־בייגעפאהרען, האט ער זיך אפגעשטעלט אין שטאדט און איז גע־קומען מיך זעהן. ער האט אויף מיר זעהר א גוטען איינדרוק גע־מאכט; מיר שיינט, אז ער איז זעהר א קלוגער און עס איז אינ־טערעסאנט מיט איהם צו ריידען.

איך האב דא אנגעהויבען געהן אויף לעקציעס און מעהר פון אלץ אינטערעסירט מיך ווי אזוי דער עולם הערט זיך צו צו דער לעקציע.

מיר קומט דא אויס צו זעהן ווי יונגע לייט און יונגע מיידלאך טוען גארניט; ניט זיי לערנען און ניט זיי לעזען. וואס וועט פון זיי ווערען? אזעלכע מענשען פארפאסקודען בלויז דאס לעבען. זומער האב איך זיך דא באקענט מיט א יונגען סטודענט פון א יאהר 23, און שטעלט זיך פאר! ער אינטערעסירט זיך ניט מיט קיין זאך, לייענט ניט קיין ביכער און זאגט גאנץ אפען, אז ער וויל ניט לייענען. דאס איז א גראבער יונג, אן אונוויסענדער, און מיינט נאך, אז ער ווייסט אלעס און פארשטעהט אלעס. אזא עם־הארצות ברענגט מיך ארויס פון געדולד. אזעלכע מענשען קען איך ניט אריבערטראגען.

אין אלגעמיין דוכט זיך מיר, אז איצט זיינען די מענשען גאר אנדערע.

איך גיב אייך א קוש. ו ו ע ר א.

גיט איבער א גרוס לאפאטינ׳ען. מען דארף איהם אנשרייבען א בריעף. שיקט מיר צו זיין אדרעס. ער וועט לאנג זיין אין אדעס?

---

מעהר האב איך ספאנדאני׳ן קיין בריעף ניט געשריבען. אין אקטאבער, 1906, איז ער געשטארבען.

די מאדאם העקער, די אלמנה פון ספאנדאני׳ס גוטען פריינד, האט מיר די בריעף אפגעשיקט צוריק, און איך בין איהר ווירקליך דאנקבאר דערפאר.

היינט האָב איך זיי איבערגעלייענט און דערביי האָב איך גע־פיהלט ווי דאָס הארץ קלאַפּט מיר זעהר אומרוהיג. זאָל איך זיי אריינגיבען אין מיינע מעמוארען, צי ניין? אפשר וועלען זיי פאַר'ן לעזער ניט זיין אינטערעסאַנט גענוג?

אָבער ווען איך האָב זיי איבערגעלעזען, האָב איך באַשלאָסען זיי אריינצוגעבען. איך האָב זיי דאָך געשריבען אין אַ מאָמענט ווען איך האָב אַ סך איבערגעלעבט און זיי זיינען זעהר אויפריכטיג. דאָס איז אַ דאָקומענט, אַן אמת'ער דאָקומענט.

און עס איז ווירקליך מערקווירדיג! ספּאַנדאָני'ן האָט מען גע'משפּט אינ'ם יאָהר 1884, צוזאַמען מיט מיר. באַקענט מיט איהם האָב איך זיך, ווי איך האָב שוין דערצעהלט אינ'ם ערשטען באַנד פון מיינע מעמוארען, אין קיעוו, ווען איך בין אין 1882, געקומען אהין פון כארקאָוו זיך באַקענען מיט דער אָרטיגער גרופּע פון דער „נאַראָדנאיא וואָליא," וואו ספּאַנדאָני איז אויך געוועזען אַ מיטגליד.

זיך באַקענט — אָבער ווי אַזוי? ווי מיר פּלעגען זיך אין אַלגעמיין באַקענען אין יענער צייט. אַ מענש האָט אַ באַשטימטע רעוואָלוציאָנערע רעפּוטאַציע, — די פּאָליציי פאַרפאָלגט איהם, ער איז געוועזען פאַרשיקט, האָט אַ נאָמען צווישען די חברים אין דער פּאַרטיי — וואָס זשע נאָך דאַרף מען?!

זיך ניט אינטערעסירט מיט דער נשמה פונ'ם מענשען, ניט אריינגעקוקט אין זיין פּסיכאָלאָגיע.

דאָס זעלבע איז געוועזען מיט ספּאַנדאָני'ן. ווען איך האָב איהם, אַלס דעם טעטיגסטען מענשען פון דער קיעווער גרופּע, איינ־געלאַדען אין דער צענטראַלער קערפּערשאַפט, וואָס איך האָב גע־גרינדעט, האָב איך אייגענטליך ניט געוואוסט ווער ער איז און וואָס ער איז. מיר האָבען גערארפט האָבען חברים צו דער ארבייט און אַזוי ווי ספּאַנדאָני איז געוועזען פּאַסיג דערצו, האָב איך איהם אריינגענומען.

נאָכדעם איז געקומען דער פּראָצעס, אויף וועלכען ספּאַנדאָני האָט זיך ניט אָנגעזעהן אַזוי שטאַרק; ער האָט כמעט די גאַנצע צייט געשוויגען, אָבער ער האָט זיך געהאַלטען זעהר פעסט און שטאָלץ.

עס איז גראַד אויסגעקומען אַזוי, אַז איהם האָט מען אין דער שליסעלבורגער פעסטונג ניט פאַרשפּאַרט, און דערפאַר בין איך

מיט איהם ניט געוואָרען אַזוי באַפריינדעט ווי מיט אַנדערע חברים.

און ווען איך בין אַרויס פון שליסעלבורגער פעסטונג און פאַר־שיקט געוואָרען אין דעם קאַלטען אַרכאַנגעלסק, איז מיר געווען שרעקליך שווער און אומעטיג אויפ'ן האַרצען, און מיט אַמאָל באַקום איך פון ספּאַנדאָני'ן איין בריעף און אַ צווייטען. אַזעלכע ווארימע בריעף, האַרציגע, פריינדליכע. בין איך איבערראַשט גע־וואָרען. מיר איז גאָר קיינמאָל ניט אַיינגעפאַלען, אַז ער באַציהט זיך אַזוי גוט צו מיר; איך האָב געמיינט, אַז ער קוקט אויף מיר ווי אויף אַ ווייטען, פרעמדען מענשען. איך האָב איהם אויף זיינע בריעף געענטפערט, און פון דאַן האָבען מיר זיך אָנגעהויבען איבער־שרייבען ווי אמת'ע גוטע פריינד.

אַ טייערער מענש געווען. ניטאָ מעהר אַזעלכע ווי ער. און ווייל ער איז געווען אַזאַ גוטער, אַזאַ ליעבער מענש, נעם איך אַריין אין מיינע מעמוארען די בריעף, וואָס איך האָב איהם געשריבען. זאָל דאָס זיין אַן אָנדענק נאָך איהם.

ע נ ד ע.

# אָנווייזונג פאַר די בילדער אין אַלע 3 בענדער